Andreyev, Leonid.
Kenig Hunger.
Nyu York, 1910.

BIBLIOGRAPHIC RECORD TARGET

YIVO INSTITUTE FOR JEWISH RESEARCH

Master negative Storage Number Y-2004-1888.11

**Andreyev, Leonid, 1871-1919.**
Kenig Hunger.
Nyu York, Ferlag: Mayzel et ko., 1910.
118 p.

1. Russian drama--Translations into Yiddish.--lcsh
I. Olgin, Moissaye J. (Moissaye Joseph), 1874-1939. II. United States-New York-New York

ID : NXYH01-B3534 CC: 9114 DCF: [HBR]
CALL #: /4318

Reduction ratio X 10.0



# קעניג הונגער

פון

לעאָניד אנדרעיעוו

אידיש פון אַלגין

פרייז 25 סענט

---


פערלאַג: מייזעל עט קאָ.

422 Grand Street, New York

1911

# קעניג הונגער

א פארשטעלונג אין פינף בילדער מיט א פראלאג

— פון —

לעאניד אנדרעיעוו.

יודיש פון אלגין.



פערלאג: מייזעל עט קא.
422 גרענד סט., ניו יארק.
1910.

# אינהאלט:





# פראָלאָג.

**דער קעניג הונגער שווערט**
**צו זיין געטריי די הונגעריגע.**

נאכט.

דער אויבערשטער שטאָק פון אנ'אלטען קירך־טהורעם. הינטער'ן טהורעם זעהט מען ווי דער הימעל איז אויסגעצויגען איבער'ן שטאָדט; אונטען איז ער העל־שרייענדיג בעפארבט מיט דעם אָבגלאנץ פון די שטאָדטישע פייערס, ארויף־צו ווערט ער אלע מאָל מעהר טונקעל, שווער ווי א בליי, און ענגט אראָב שווארץ און געדיכט. דאָרט, וואו דער הימעל איז ליכטיג, טהיילען זיך ארויס אויף זיין העלען גרונד די שווארצע סלופעס, די באלקענס, די גלעקער און די גראטעס פונ'ם קירך־טהורעם — שווארץ און דייטליך, ווי אויסגעשניצט פון שווארצען קארטאָן. אראָב־צו גיעסט זיך דער טהורעם ביסלעכווייז צוזאמען מיט די שווארצע, שארפע, אביסעל אונפערשטענדליכע אומריסען פון די דעכער פון דער קירך, פון עפּים קוימענס, עהנליכע צו אונבעוועגליכע מענשליכע פיגורען, וועלכע שטעהען און הערען זיך איין, פון סטאטועז, וועלכע פערקוקען אראָב. נאָר ערטערווייז זעהט מען אויף דעם דאָזיגען שווארצען פלאָנטער דעם אָבשיין פון די פייערס, וואָס ברענען אונטען אין גאס: עם בלישטשען די זייטען פונ'ם גלאָק, עם שימערן געלבליך די פערקייל־ליגטע עקען פון די זיילען; ביי דער סטאטוע פון א מלאך, וועלכער פליהט אראָב מיט צעשפּרייטע פליגעל, איז שוואך בעלויכטען דאָס פנים, די ברוסט און די שפּיצען פליגעל.

אויפ'ן טהורעם שטעהען דריי: **דער קעניג הונגער, דער טויט און דער אלטער גלאָקען־קלינגער — דער צייט־גייסט.**

דער טויט שטעהט נאָר אָהן בעוועגונג, מיט'ן פּנים אַהער, און זיין שוואַרצער אומרים זעהט זיך אַזוי: אַ קליינינקער, קיילכיגער קאָפּ אויף אַ לאַנגען האַלז; ברייטע, פיער־עקעכדיגע אַקסלען; אַלע ליניען גראַד און שטייף. אַרומגעוויקעלט איז ער פון אויבען ביז אַראָב אין אַ שוואַרצען, האַלב דורכזיכטיגען מאַנטעל, וועלכער שטעהט גוט צו; דורכ'ן געוועב שפּירט מען און מען זעהט, דאַכט זיך, אַפילו דעם סקעלעט. דער אַלטער צייט־גייסט שטעהט אויך אָהן בעוועגונג און שאָקעלט נאָר צייטענווייז מיט'ן קאָפּ. אַ קאָפּ האָט ער אַ גרויסען, די לאַנגע זקנ'ישע באָרד און די האָר זענען צושויבערט; פון דער זייט זעהט מען זיין גרויסע, שאַרף אויסגעטאָקטע נאָז און די לאַנגע נעדריכטע ברעמען, וועלכע הענגען אַראָב.

דער קעניג הונגער בעוועגט זיך אונרוהיג און ליידענשאַפטליך, אַזוי אַז ס'איז שווער צו בעקומען אַ פאָרשטעלונג וועגען זיין פיגור. מען זעהט נאָר, אַז ער איז שלאַנק און בויגזאַם.

עס רעדען צווישען זיך דער צייט־גייסט, דער קעניג הונגער און דער טויט.

— דו וועסט ווידער אָבנאַרען, קעניג הונגער. האָסט אַזוי פיעל מאָל שוין אָבגענאַרט דיינע אָרימע קינדער און מיך.

— גלויב מיר, זקן, וואָס איך רעד.

— ווי קען איך גלויבען אַ שווינדלער?

— גלויב מיר נאָך איין מאָל. נאָך איין איינציג מאָל פערלאָז זיך אויף מיר. איך האָב קיינמאָל ניט געלייגט. כ'האָב אַליין אויך אַ טעות געהאַט. איך האָב אָבגענאַרט זיך אַליין, איך אונגליקליכער מלך אויף אַ צעבראָכענעם טראָן. דו קענסט דאָך דעם מענשען, דו ווייסט ווי ער דרעהט זיך שטענדיג אַרום — צוויי־פּנים'דיג, פאַלש. איך אַליין האָב דעריבער אומגעבראַכט מיינע אָרימע קינדער, מיט זייערע מאָגערע קערפּער האָב איך דעם טויט געשפּייזט.

ער ווייזט מיט דער האַנד אויפ'ן טויט. אונבעוועגליך ווי פריהער, האַקט איהם איבער דער טויט מיט זיין טרוקענעם, זעהר



רוהיגען קול: אַקוראַט ווי אַן אַלטער, פערזשאַווערטער, שוין לאַנג ניט געעפענטער טויער האָט אַ גרילץ געטהאָן אינמיטען דער נאַכט:

— יאַ, — נאָר איך בין נאָך ניט זאַט.

דער צייט־גייסט.

דו ביזט קיינמאָל ניט זאַט. וויפיעל מענשען דו האָסט שוין אויפגעגעסען פאַר מיינע אויגען, און ביזט אַלץ אַזוי דאַר און גיעריג ווי פריהער.

דער קעניג הונגער.

אָבער איצט וועל איך איהם געבען אַ פעטערען ביסען. גענוג איהם שוין עסען ביינער, ווי אַ הונד אויפ'ן שטריק. זאָל ער אַמאָל אויך לעבען אַ גוטען טאָג, זאָל ער הנאה האָבען פון די געזונטע, די דיקע און פעטע, וואָס זייער בלוט איז אַזוי רויט און אַזוי געדיכט און בע'טעמ'ט. טויט, גיב מיר דיין האַנד. ס'וועט מיר קומען אַ דאַנק—איך וועל מאַכען אַ שעהנעם מאָהלצייט פון דיין כבוד וועגען.

דער טויט זאָגט מיט דעם זעלביגען גרילצענדיגען קול, ניט געבענדיג די האַנד: יאַ, — איך זאָג אָבער קיינמאָל קיין דאַנק ניט.

דער צייט־גייסט.

קעניג הונגער, דו ליגסט!

דער קעניג הונגער.

טהו אַ קוק אויף מיין פּנים — זעה, ווי ס'איז שרעקליך. קוק אַריין אין מיינע אויגען, וועסטו דערזעהן אין דער פינסטער, ווי זיי ברענען מיט אַ פייער פון אַ בלוטיגען אויפשטאַנד. געקומען די צייט שוין, אַלטער! הונגעריג איז די ערד. פול און פול איז זי מיט קרעכצען. זי טרוימט פון אַנ'אויפשטאַנד. קלינג זשע, אַלטער, מיט דיין גלאָק, צעריים ביז די אויערען זיין קופּערנעם פּיסק! זאָל מען אויפהערען שלאָפען.

דער צייט־גייסט, אונזיכער:

אמת, ווען די נאַכט קומט אָן און ס'פערהילט זיך אין שווייגען די צייט, קומט פון דאָרטען — פון אונטען — דער קול פון שטילע קרעכצען... קינדער וויינען...

---

דער קעניג הונגער שטרעקט אויס זיין האַנד צו דער שטאָדט:

— דאָס איז פון דאָרט, פון דער פערשאָלטענער שטאָדט.

דער צייט־גייסט שאָקעלט מיט'ן קאָפּ:

ניין, פון ווייטער. פרויען שרייען, זקנים זיפצען, הינד הונגעריגע וואָיען...

— דאָס איז פון דאָרט — פון די פעלדער, פון די האַלב־פּערשטאָרבענע דערפער!

— ניין, פון ווייטער, פון גאָר ווייטער... דאכט זיך, איך הער דעם קרעכץ פון דער גאנצער ערד, און דאָס לאָזט מיך ניט שלאָפען. איך בין אַלט, איך בין מיעד, איך דאַרף שלאָפען, און זיי לאָזען מיך ניט. שטארבען וויל איך. טויט, אַלטער ליעבער פריינד! ווען וועסטו מיך שוין נעהמען?

דער טויט שווייגט און דער אַלטער צייט־גייסט לאָזט טרויעריג אראָב דעם קאָפּ.

דער קעניג הונגער.

גיעב אַ קלונג מיט דיין גלאָק! איך בין אויך אומגליקליך. איך וואָלט אויך געוואָלט שטארבען. אָרימע קינדערעלעך מיינע — כ'האָב געוואָלט בעשאפען אַ מלוכה פון שטארקע, און בעשאפען האָב איך אַ מלוכה פון מערדער, קליינקעפּעלדיגע, ליגנער. ניט קיין מלך, אַ טעלערלעקער אַ דערשלאָגענער בין איך, און מיין קרוין, מיין גרויסע בלוטיגע קרוין איז אַ שפּילכעל אין די הענד פון זייערע קינדער. טויט זשע זיי, צייט, גיעב אַ קלונג מיט דיין גלאָק! גיעב אַ קלונג!

דער צייט־גייסט.

האָסט שוין געזאָגט דאָס אמאָל. און האָסט אָבגענארט.

דער קעניג הונגער.

דעמאָלט האָב איך אליין געצווייפעלט.

— און איצטער?

— טהו אַ קוק אויף מיינע קינדער! פרעג דעם טויט, ער לייגט ניט קיינמאָל. אָהן תרעומות פלעגען זיי איהם אויפנעהמען



---

ביז אהער, איצט בעגעגענען זיי איהם מיט אַ שטורעם פון צאָרען, מיט אַ מבול פון קללות, אויפגעבראכטע, פערביטערטע!

דער טויט רעדט מיט דעם זעלבינגען טרוקענעם רוהיגען קול:

— יאַ — זיי אמפּערען זיך אַ ביסעל.

דער קעניג הונגער.

טויט, גיעב מיר דיין האַנד!

דער טויט גיט ניט און שווייגט. שטיל. לאנגזאם און טרויעריג קלינגט דער זייגער אין דער פינסטער אויפ'ן טהורעם.

דער צייט־גייסט זאָגט אונזיכער:

— איך הויב אָן גלויבען. אזוי שטארק ווילט זיך מיר רוהען — שטארבען.

דער קעניג הונגער.

דעמאָלט וועט ניט זיין שוין קיין צייט! אַ ליעבער גלאָק, דו וועסט אונז ברייגגען פריעדען און רוהע. לאָ'מיך זיך צוטוליען צערטליך צו דיר מיט מיין מיעדען קאָפּ.

ער גלעט דעם גלאָק, קושט צערטליך זיינע פעסטע זייטען. נאָכדעם מאכט ער זיך, כלומר'שט ער קלינגט; דער טויט לאכט שטילערהייט, אויף איהם קוקענדיג, מיט אַ טרוקען אָבגעריסען געלעכטערל.

דער צייט־גייסט.

דו לאכסט, טויט?

דער טויט.

יאַ — אַ ביסעל.

— עס טהוט דיר הנאָה? אָדער לאכסט פון מיר, וואָס איך גלויב איהם? ער זאָגט ניט קיין ליגען, דאָס קען דער גלאָק זאָגען עדות. ביינאכט, ווען עס שלאָפט אלצדינג, נאָר די ערד קרעכצט אונטער אַ שרעקליכע משא, קומען שוואכע קלאנגען און שוועבען ארום זיינע זייטען; אַ שטילער שאָרך, קוים צו בעמערקען, קריכט ארום איבער איהם, פונקט ווי טויזענטער הענד שטרעקען זיך צו

איהם אונזיכטבאר און בעריהרען איהם און גלעטען איהם און פרעגען אונרוהיג: צי האט נאך דאס קופער א קול. שרעקליך צו זיצען ביינאכט אויפ'ן טהורעם, ווען די שטאדט בלישטשעט אונטען מיט איהרע פייערלעך, וועלכע ווילען ניט אויסגעהן, און די ערד ליעגט און קרעכצט, ווי אין א בייזען חלום.... דו הערסט?

אלע הערען זיך איין. דער קעניג הונגער האט זיך אבגערוקט פונ'ם גלאק און הערט געשפאנט, מיט אויסגעשטרעקטע הענד. שטיל זיפצט דער גלאק מיט אנ'איינגעהאלטענעם קלאנג און ווערט ווידער אנשוויגען.

דער טויט.

יא — ער קלינגט אביסעל.

דער קעניג הונגער.

דו הערסט! די ערד פערלאנגט אנ'אויפשטאנד! גיכער, אלטער, אייל דיך!

דער צייט־גייסט.

אזוי איז יעדע נאכט. שווער צו הערען די קלאנגען.

— באלד וועסטו דערהערען אנדערע געשרייען. א צארען וועט קלינגען אין זיי!

— און א וועהטאג.

— ניין, א צארען, א צארען. וועהטאג האט די ערד שטענדיג גענוג. א צארען, אלטער, א צארען!

ערגיץ אונטען, אין דער בעלויכטענער טיעפעניש, לאזט זיך הערען דריי מאל — לאנגזאם — דאס הייזעריגע קול פון א טרומייט. דער קלאנג הויבט זיך אן נידריג און ווערט פערקלונגען אויף א הויכען טאן — ווי עמיצער רופט אין אנגסט מיט א שרעקליכער שטים. און נאך אמאל, ערגיץ ווייט, לאזט זיך הערען דער אויסגעצויגענער שרעקעדיגער צורוף.

דער טויט.

דאס רופט מען מיך.

ער פערשווינדט. א שטיקעל צייט איז שטיל. די אונזיכטבא־



רע פייערלעך פון דער שטאדט ווערען שוואכער, בלאסער; פון איין זייט, גאנץ הויך, הויבט זיך אויף און וויעגט זיך שטיל דער רויטליכער אבשיין פון א שריפה. ערגיץ ברענט מסתמא אין שטאדט.

דער צייט־גייסט.

דער טויט איז אוועק.

— מען האט איהם גערופען.

— זאג מיר, אדרבא, פאר וואס האט ער מיין טייבעלע גע־טויט? דא אויפ'ן דאך האט א טייבעלע געלעבט, געקלאפט מיט די פיסלעך איבער'ן בלעך און געפרעהט מיין נשמה, — האט ער גענומען און עס געטויט.

דער קעניג הונגער לאכט אויף א קול.

דער צייט־גייסט.

וואס לאכסטו?

דער קעניג הונגער.

אזוי. איך האב איהם זעהר ליעב.

— אט איצט, ווען דו לאכסט, גלויב איך דיר שוין ווייטער ניט. ביזט איצט אליין, זאג מיר דעם אמת, מלך הונגער. דו ביזט א גרויסער פעררעטער, ביזט א ליגנער, פערנארסט די מענשען, פערפיהרסט זיי אין די אונזיניגסטע מעשים און נאכדעם מאכסטו פון זיי חוזק. דאס ווייס איך. אבער איצט...

דער קעניג הונגער זאגט פייערליך און פעסט:

איך שווער.

— דו וועסט פיהרען די הונגעריגע צום זיעג?

— איך שווער.

— און מיר וועסטו ברייננען אנ'אברוה?

— איך שווער.

— איך גלויב דיר. ווען דו וועסט פערלאנגען, וועל איך קלינגען אין דעם גרויסען גלאק.

— דאס וועט געשעהען גאנץ גיך. איך בין מיעד.

— איך בין אויך מיעד.

✤✤✤✤✤✤✤✤✤✤✤✤✤✤✤✤✤✤✤✤✤✤✤✤✤✤✤✤✤✤✤✤✤✤✤✤

מיער שפּאַרט ער צו זיין צושויבערטען קאָפּ צו די אייזערנע פאַרענטשעס. דער אבשיין פון דער שריפה ווערט אַלעמאָל גרעסער און בעפאַרבט מיט א רויטען גלאַנץ זיינע גראָהע האָר און די לאַנגע מאָגערע האַנד, וועלכע ליעגט אויף די גראַטעס. דער קעניג הונגער זעצט זיך מיער נעבען זיינע פיס און לעגט זיין קאָפּ אויף זיינע קניע. ער זאָגט:

— ווייטער ברענט ביי זיי עפּיס. איך בין אָבער מיעד. כ׳וויל היינט ניט געהן אהינצו. כ׳וויל בלייבען ביי דיר. דאָ איז אזוי שטיל.

— דאָ איז אַנ׳אימה.

— דאָרט איז נאָך א גרעסערע אימה. אומעטום בין איך געווען, און אין ערגעץ האָב איך קיין שרעקליכערעס ניט געזעהען, ווי ביי׳ם מענשען. זינג מיר דיין ליעדעלע, אַלטער, לאָז אויסרוהען דעם גרויסען אונגליקליכען קעניג.

דער אָבגלאַנץ פון דער שריפה ווערט העלער און גרעסער. דער צייט־גייסט זינגט מיט זיין שטילען זקנ׳ישען קול.

דעם צייט־גייסט׳ס ליעדעל.

געלעבט אויפ׳ן טהורעם א טייבעל — א טייבעל. געקלאַפּט מיט די פיס אויפ׳ן בלעך — א טייבעל, א טייבעל. געקומען דער טויט און פערנומען דאָס טייבעל. אלצדינג פאַלט, אלעס זינקט און ווערט ווידער געבוירען. אָ, אונאַנפּענגליכקייט, מוטער מיינע! אָ, קינדערלעך מיינע — סעקונדעלעך, מינוטעלעך, יאָהרעלעך — אָ, אונענדליכקייט, טאָכטער מיינע!..

דער פייער־אָבשיין האָט שוין פערכאַפּט א האַלבען הימעל, ער וויעגט זיך שוין ניט פּאַמעליך, נאָר ער שפּרינגט און וואַרפט זיך ווילד. אויפ׳ן טהורעם איז רוהיג און שטיל; טרויעריג־לאַנגזאַם, ווי אונטערטהעניג, קלינגט דער זייגער און דערמאָנט, אז עס לויפט אונזיכטבאַר די צייט.

דער פאָרהאַנג פאַלט.



# דאָס ערשטע בילד.

---

דער קעניג הונגער רופט צו
אַנ׳אויפשטאַנד די ארבייטער.

---

דאס ערשטע, וואס פערכאַפּט דעם זייטיגען צושויער מיט געוואַלטיגער קראַפט, — דאָס איז דער פערשיעדענאַרטיגער, פון פיעלע קלאַנגען צוזאַמענגעגאָסענער, ריטמישער גערויש פון די מאַשינען און פון די טויזענטער מענשען, וועלכע אַרבייטען ביי זיי. עס זיפּצען שווער און רעגעלמעסיג די דאַמפּף־מאַשינען, עס הוזשען און פייפען, זיך דרעהענדיג, די רעדער, עס לויפען אונענדליך און זשווזשען די פּאַסען; עס ציטערט די ערד אַלע מאָל פון די דומפּע, שווערע קלעפּ פון די מעכאַנישע האַמערס. אויפ׳ן גרונד פון אָט די טויטע, שווערע, אומ׳ברחמנות׳דיג־רעגעלמעסיגע קלאַנגען, וועלכע ווענדען זיך שוין, דאכט זיך, גאָר ניט אָן דעם ווילען פון דעם מענשען, — לאָזט זיך הערען דאָס לעבענדיגע, אונבעשטענדיגע, אָבער ריטמישע קלאַפּען פון זעהר פיעלע קליינינקע העמערלעך. זיי האָבען פערשיעדענע טענער און קלינגען איינע נידעריגער, די אנדערע העכער; אָט גיסען זיי זיך צונויף אין איין אַלגעמיינעם, לעבעדיגען, רעדעווודיגען שטראָם, אָט לויפען זיי זיך איינציגווייז פונאנדער, ווי א מחנה שפּיעל־פויגעלעך אין וואלד, ווען ס׳צעטרייבט זיי דער שפּאַרבער. פון דעם אַלעמען קומט אויס א מין מעלאָדיע, וועלכע איז עהנליך צום ליעדעל פונ׳ם צייט־גייסט.

✤✤✤✤✤✤✤✤✤✤✤✤✤✤✤✤✤✤✤✤✤✤✤✤✤✤✤✤✤✤✤✤✤✤✤✤✤✤✤

ווען דער פאָרהאנג הויבט זיך אויף, איז אויפ'ן סצענע א זאַוואָד; מען זעהט איהם פון אינוועניג, אין שווארץ און רויט געפארבט. דאָס רויטע, דאָס פייערדיגע — דאָס זענען פורפור־פלאַמענדיגע פאסען ליכט פון דעם אויוועןֹ; צעגליהטע שטיקער אייזען שפריצען פונקען אונטער די קלעפּ פון די האמערס, וואָס ס'לאָזען אויף זיי אראָב שווארצע שאָטענס פון מענשען. דאָס שווארצע, פערשוואומענע, ווי שטיקער פערגליווערטע פינסטערניש — דאס זענען די אומריסען פון משונה'דיגע מאשינען, מאָרנע בעשעפעניַשען, שרעקליכע און מאוים'דיגע, ווי א בייזער חלום ביינאכט. הארט און שטום האָבען זיי זיך ארויפגעלעגט אויף די מענשען מיט זייער ברוסט און דריקען זיי מיט א שרעקליכער משא. אפילו די סלופּעס, וואָס שפּארען זיי אונטער, זעהען אוים ווי לאפּעס פון משונה'דיגע חיות; און די שווארצע שווערע קערפּער זייערע — ווי די קערפּער פון חיות, ווי ריעזיגע פויגלען מיט אויסגעשפּרייטע פליגעל, ווי אמפיביען, ווי כימערען. שווער און פינסטער און רוהיג; און בלינדע אויגען, אונבעוועגליכע, ברייט געעפענטע, קוקען, דאכט זיך, פון אלע זייטען.

און אונטען דרעהען זיך די מענשען, ווי קליינינקע שאָטענס. אין זייערע בעוועגונגען איז ניטאָ קיין לעבעדיגע אונרוהיגקייט, ניטאָ קיין פרייער, ברייטער מאך מיט דער האנד: זיי ריידען און זיי בעוועגען זיך רעגעלמעסיג, מעכאניש, צום טאקט פון די האמערס און די ארבייטענדע מאשינען; און ווען עמיצער טהיילט זיך אָב און טרעט ארוים בעזונדער, דאכט זיך אוים, אז דאָס האָט זיך אָבגעשפּאלטען א טהייל פון דער שווארצער מאשין, א טהייל פון דעם מאָרנעם געביי, וואָס איז עהנליך צו א אונבעקאנטער, מאוים'דיגער בעשעפעניש.

די קלאַנגען פון די האמערס און די מאשינען ווערען אמאָל שטארקער, אמאָל שוואכער. און די מענשישע קולות גיעסען זיך אריין אין דעם כאָר אונבעמערקט און קלינגען מיט איהם אין איין טאָן: אמאָל הילכיג און לעבעדיג, אמאָל אָבגעהאקט, פערדומפּען — כמעט טויט.



✤✤✤✤✤✤✤✤✤✤✤✤✤✤✤✤✤✤✤✤✤✤✤✤✤✤✤✤✤✤✤✤✤✤✤✤✤✤✤

די ארבייטער קלאַגען זיך:

— הונגעריג זענען מיר.

— הונגעריג.

— הונגעריג.

דריי מאָל קלאַפּט האסטיג דער גרויסער האמער.

— אונז צוקוועטשען די מאשינען.

— מיר שמאכטען אונטער זייער משא.

— דאָס אייזען דריקט.

— עס פרעסט דאָס שטאהל.

— אָ, וואס פאר א גרויזאמע משא! גאנצע בערג ליעגען אויף מיר!

— אויף מיר ליעגט די גאנצע ערד.

— אָ, וואָס פאר א גרויזאמע משא!

דער האמער קלאַפּט.

— מיך צעפּלעטשט דער אייזערנער האמער. ער קוועטשט ארוים פון מיינע אָדערען דאָס בלוט — ער ברעכט די ביינער — ער מאכט מיך פלאַך ווי א בלעך.

— צווישען וואַלצען ציהט מען דורך מיין גוף און ער ווערט שמאָל, ווי א דראָט. וואו איז מיין לייב? וואו איז מיין בלוט? וואו איז מיין זעעל.

— מיך דרעהט דאָס ראָד.

— טאָג און נאכט גרילצט די זעג, צעשניידענדיג שטאהל. טאָג און נאכט גרילצט מיר אין די אויערען די זעג, צעשניידענדיג שטאהל. אלע חלומות, וואָס איך זעה, אלע ווערטער, אלע ליעדער, וואָס איך הער, דאָס איז דאָס גרילצען פון א זעג, וואָס צעשנייט דאָס שטאהל. וואָס איז די ערד? דאָס גרילצען פון א זעג. וואָס איז דער הימעל? דאָס גרילצען פון א זעג, וואָס צעשנייט דאָס שטאָהל. טאָג און נאכט.

— טאג און נאכט.
— טאג און נאכט.

דער האמער קלאפט. דריי מאָל.

— אזוי צעקוועטשען די מאשינען.

א הויך קלאָגענדיג קול:

— מיר אליין זענען שטיקלעך מאשין.
— איך בין א האמער.
— איך בין א רוישענדער פאס.
— איך בין א ראָד.

א שוואכע שטים:

איך בין א קליינינק שרייפעלע, מיט א קעפעלע צעשפאָלטען אויף צוויי. איך בין ארייננעשרויפט פעסט. און איך שוויג. נאר איך ציטער מיט אלע צוזאמען און עס רוישט מיר אין די אויערען אָהן אנ'עק, אָהן א סוף.

— איך בין א ברעקעלע קויהל. מיך ווארפט מען אין אויוועז און איך גיעב פייער און היץ. און ווייטער ווארפט מען מיך, און ווייטער ברען איך, און מיין פייער הערט ניט אויף.

— פייער זענען מיר. אויוועגס צעגליהטע.
— ניין. א שפייז פאר דעם פייער.
— מיר זענען מאשינען.
— ניין. א שפייז פאר מאשינען.
— כ'האָב מורא.
— כ'האָב מורא.

דער האמער קלאפט.

א שטים קלינגט דערשראָקען און בעטענדיג:

— אָ, שרעקליכע מאשינען!
— אָ, מעכטיגע מאשינען!



— לאָ'מיר תפלה טהאָן. לאָ'מיר תפלה טהאָן צו די מאשינען!

## אַ געזאַנג צו די מאַשינען:

ווער איז מעכטיגער פאר אלע אויף דער וועלט? ווער איז שרעקליכער פאר אלע אויף דער וועלט? די מאשין. ווער איז שענער און רייכער און קליגער פאר אלע? די מאשין. וואס איז די ערד? א מאשין. וואָס איז דער הימעל? א מאשין. וואָס איז דער מענש? א מאשין. א מאשין.

דריי מאָל קלאפט דער האמער זיין הסכמה,
פינסטער, בעטריעבט.

— דו, אלמעכטיגע הערשערין פון דער וועלט; — דו, וואָס געוועלטיגסט איבער אונזער געדאנק, אונזער גוף און אונזער נשמה; — דו, דערהויבענע, אונשטערבליכע, קלוגע מאשין, — דערבארים דיך איבער אונז! טויט אונז ניט — קאליעטשע ניט — מוטשע ניט אזוי שרעקליך! דו, אום'ברחמנות'דיגסטע פון אלע אום'ברחמנות'דיגע, דו פון אייזען געשמידטע, פון פייער אָטהעמענדיגע מאשין, — גיעב אונז א ביסעל פרייהייט. דורך דיינע קויטיגע שויבען, דורכ'ן רויך פון דיינע קוימענס זעהען מיר ניט דעם הימעל, מיר זעהען ניט די זון! האָב רחמנות אויף אונז!

אויף א מינוט ווערען אנשוויגען די קליינינקע לעבעדיגע העמערלעך און דריי מאָל קלאפט אין דער פינסטער, דומפ, אום'ברחמנות'דיג, דער גרויסער האמער. מען הערט שוין איינצעלנע צאָרניגע שטימען:

— זי הערט ניט אויף!
— זי איז טויב — דער שווארץ יאהר!
— זי ליגט.
— מאכט חוזק פון אונז.
— מיר ארבייטען אויף יענעם.

\+\+\+\+\+\+\+\+\+\+\+\+\+\+\+\+\+\+\+\+\+\+\+\+\+\+\+\+\+\+\+\+\+\+\+\+\+

— אליץ צוליעב יענעם.
— מיר גיסען הארמאטען.
— מיר שמיעדען דאָס קלינגענדיגע אייזען.
— מיר מאכען פולווער.
— מיר בויען זאוואָדען.
— שטערט.
— אליץ צוליעב יענעם.
— ברידער! מיר שמיעדען אונזערע אייגענע קייטען!

לעבעדיג, שארף און צאָרענדיג קלאפען שנעל די קליינע לעבעדיגע העמערלעך. און צום טאקט מיט זיי קלינגען די צאָרענדיגע שטימען:

— יעדער קלאפּ — א נייער רינג.
— יעדער קלאפּ — א נייע ניעט.
— קלאפּ דאָס אייזען.
— שמיעד די אייגענע קייטען.
— ברידער, מיר שמיעדען די אייגענע קייטען.

א פערדומפּענער קלאפּ פונ'ם גרויסען האמער רייסט איבער דעם דאָזיגען רוישענדען לעבעדיגען שטראָם, און ווייטער גיעסט ער זיך שוין לאנגזאם און מיעד:
— ווער וועט אונז בעפרייען פון דער מאכט פון די מאשינען?
— ווער וועט אונז ווייזען דעם הימעל? די זון?
— דער קעניג הונגער!
— דער קעניג הונגער!
— ניין, ער איז א שונא. ער האָט אונז פערטריעבען אהער.
— ער וועט אונז אָבער בעפרייען אויך.
— גרויס איז זיין כח! גרויס איז זיין מאכט!
— ער איז שרעקליך. ער איז צוויי־פנים'דיג און פאלש. ער איז שלעכט. ער טויט אונזערע קינדער. אונזערע מוטערס האָבען ניט קיין מילך. זייערע בריסט זענען ליידיג.



\+\+\+\+\+\+\+\+\+\+\+\+\+\+\+\+\+\+\+\+\+\+\+\+\+\+\+\+\+\+\+\+\+\+\+\+\+

— ווי א גרויזאמער שאָטען שטעהט ער פאר אונזער שטוב.
— ניטאָ וואו צו בעהאלטען זיך פאר איהם. ער איז פול איבער דער גאנצער ערד.
— תליון!
— מערדער!
— דער קעניג הונגער! דער קעניג הונגער!
דער האמער קלאפּט.

— ניין ער איז א פריינד. ער האָט אונז ליעב, ער וויינט מיט אונז.
— שילט איהם ניט. ער איז אליין אויך אומגליקליך. ער פערשפּרעכט אונז פרייהייט.
— דאָס איז אמת. ווער קען בייששטעהען פאר א הונגערינגען?
— דאָס איז אמת.
— וועמעס גרימצאָרען איז שטארקער?
— וועמעס מוט איז מעהר פערצווייפעלט? פאר וועמען קען א הונגעריגער זיך שרעקען?
— פאר גאָר ניט.
— פאר גאָר ניט. פאר גאָר ניט!

דער האמער קלאפּט עטליכע מאָל.

— רופט איהם אהער!
— הונגער! הונגער! הונגער!
— קום אהער, צו אונז. הונגעריג זענען מיר. הונגעריג!
— שווייגט. צי זענט איהר ביי'ם זינען!
— הונגער! הונגער!
— ער געהט!
— דער קעניג הונגער! דער קעניג הונגער!
— ער איז געקומען!

אינמיטען, אין דעם פאס רויטען ליכט, וואָס ס'פאלט פון דעם אויוועז, ערשיינט ד ע ר ק ע נ י ג ה ו נ ג ע ר. ער איז הויך,

מאַגער און בויגזאם; זיין פנים, מיט די גרויסע שווארצע ליידענשאפטליכע אויגען, איז ביינערדיג און בלייך; די האָר אויף זיין געטאָקטען שארבען זענען אבגעשוירען קורץ. ביז'ן גארטעל איז ער נאַקעט און אינ'ם רויטען ליכט זעהט זיך דייטליך זיין קרעפטיגער מאַגערער אויבערסטער טייל־קערפער. אין גאנצען מאכט ער דעם איינדרוק פון עפּים א צוזאמענגעצויגענעם, א שמאָלען, וואָס ס'שטרעבט ארויף. די בעוועגונגען פונ'ם ק ע נ י ג  ה ו נ ג ע ר זענען האסטיג און דרייסט; אמאָל, ווען ער פערטראכט זיך אָדער ער איז פערטרויערט, בעוועגט ער זיך געלאסען און רוהיג, ווי א קעניג. ווען ער ווערט אָבער דערצאָרענט, אָדער ער רופט, אָדער ער שילט, — ווערט ער עהנליך צו א ספּיראל־ספּרוזשינע, וועלכע פערדרעהט זיך שנעל און ווארפט ארויף צום הימעל איהר שארפען עק. און עס דאכט זיך דעמאָלט, אז ווי א ווירבעל־ווינד, וועלכער הויבט אויף די טרוקענע בלעטער, אזוי הויבט ער אויף אלצדינג, וואָס ס'געפינט זיך ארום איהם, און ווארפט עס צום הימעל מיט איין קורצער בעוועגונג.

זיין שטים איז ערעל און קלינגענדיג; און פול מיט טיעפער צערטליכקייט זענען זיינע ווערטער, ווען ער רעדט צו זיינע אָרימע קינדער.

## דער קעניג הונגער.

קינדער! ליעבע קינדער מיינע! איך האָב געהערט אייערע קרעכצען און בין געקומען. ווארפט די ארבייט! קומט אהער צו מיר. ווארפט די ארבייט.

ער שטעהט און ווארט. דאָס רויטע ליכט פונ'ם צוגליהטען אויווען פאלט אויף זיין גאנצע פיגור. לאנגזאם פערזאמלען זיך ארום איהם די ארבייטער. נאָר דריי פון זיי טרעטען אריין אין דעם פאס ליכט און מען זעהט זיי דייטליך, די איבעריגע שטעהען אין דער פינסטער, ווי א הויפען טונקעלע שאָטענס; ערטערוייז פאלט א שטראהל און בעליוכט דאָ א נאקעטען מעכטיגען אָרעם, דאָרט אנ'אויפגעהויבענעם האמער אדער א שטרענגען פּראָפיל.



די וואָס זעהען זיך דייטליך, זענען אזוי:

**דער ערשטער ארבייטער** — מיט זיין מעכטיגער פיגור און מיט דער שרעקליכער מיעדקייט, וואָס ס'איז אויסגעגאָסען אויף איהם, איז ער עהנליך צו הערקולעס פון פארנעזע. די ברייטע נאַקעטע פלייצע, די הויפענס מוסקולן אויף די אָרעמס און אויף דער ברוסט בעווייזען, אז ער האָט א אונגעוועהנליכע, אונגעהייער־גרויסע קראפט, וועלכע דריקט איהם אזש מיט איהר משא און לאָזט איהם ניט רוהען. אויף דעם ריעזען־גרויסען קערפער — א קליינער, שוואך ענטוויקעלטער קאָפּ מיט א נידריגען שטערען און מוטנע געהאָרזאמע אויגען; דער קאָפּ איז אביסעל אָנגעבויגען, און עס פיהלט זיך, אז ס'איז ניטאָ אין איהם קיין לעבעדיגער געדאנק, אז ער איז טעמפּ און שווער, ווי ביי אנ'אָקס. ביידע הענד האלט דער ארבייטער מיעד צונויפגעלעגט אויפ'ן הענטעל פון א ריעזיגען האמער.

דער צווייטער ארבייטער איז נאָך יונג, נאָר שוין איז ער אויסגעמאָגערט, שוין איז ער קראנק, שוין הוסט ער. ער איז מוטהיג — און שרעקעדיג; — ער איז דרייסט — און שעמעוודיג, אזוי אז ער ווערט אזש רויט, ער הויבט אזש אָן שטאמלען. ער רעדט, צוהיצט זיך, פאנטאזירט, הויבט אָן טרוימען — און פלוצלונג האקט ער זיך איבער, פערשעמט זיך און שמייכעלט מיט א שולדיגען שמייכעל. אויף דער ערד האלט ער זיך לייכט, פונקט ווי ער וואָלט האָבען פליגעל אויפ'ן רוקען; ער הוסט מיט בלוט — און שמייכעלט דערביי און קוקט צום הימעל.

דער דריטער ארבייטער איז אנ'אויסגעדארטער, אָבגעבליאקעוועטער אלטער מענש, אקוראט ווי מ'האָט איהם אלע יאָהרען זיינע געווייקט אין אזוינע זויערקייטען, וואָס מאכען א תל פון יעדער פארב; זיין שטים איז אויך אָהן א שום קאָליער; און ווען ער רעדט, דאכט זיך, אז ס'רעדען טויזענטער פארבלאָזע בעשעפענישען, כמעט ווי שאָטענס.

די קליינע לעבעדיגע העמערלעך זענען אינגאנצען אנשווינגען געוואָרען.

דער קעניג הונגער רעדט מיט דער שטים פון א הערשער:

— הערט, מיינע ליעבע קינדער! איך בין דורכגעגאנגען פון איין עק ביז'ן אנדערען דאָס גאנצע לאנד פון ארבייט, דאָס לאנד פון הונגער און אָרימקייט, רעכטלאָזיגקייט און אומגליק — מיין גאנצע אומגליקליכע גרויסע מלוכה. ווער האָט אמאָל געזעהען, דער הונגער זאָל וויינען? און איך האָב געוויינט, קינדער, איך האָב געוויינט מיט בלוטיגע טרעהרען, זעהענדיג דעם אומגליק פון אייערע ברידער. וועה, וועה צו די ארבייטער!

די ארבייטער ענטפערען שטיל:

— וועה!.. וועה... צו די ארבייטער!

— און איך האָב אייך געבראכט א גרוס פון אייערע ברידער. אייערע ברידער רופען אייך און זאָגען אייך אָן: גרייט זיך צום אויפשטאנד!

מען שווייגט. דער האמער פאלט מיט א ברום.

— גרייט זיך צום אויפשטאנד! שוין פלאטערט אונזיכטבאר זיין גרויסע פאָהן איבער אייערע קעפּ, און ביינאכט ווערט דערציטערט דער גרויסער שטורעם־גלאָק פאר די ליידען פון דער ערד, און ער קרעכצט אין דער שטיל. איך אליין האָב געהערט דעם קרעכץ!

מען שווייגט. דער ערשטער ארבייטער לעגט ארויף זיין שווערע האנד אויפ'ן אקסעל פונ'ם ק ע נ י ג ה ו נ ג ע ר, אזוי אז ער בויגט איהם אביסעל איין, און ער רעדט מיט א דומפּער שטארקער שטים, וועלכע געהט, דאכט זיך, ארויס פון ערגיץ טיעף אונטער דער ערד.

— איך בין אנ'ארבייטער. איך בין אלט ווי די ערד. איך האָב אָבגעטהאָן אלע צוועלף גרויסע מעשים, געריינינגט שטאלען, געהאקט די קעפּ פון דער הידרא, געגראָבען ערד, געבויעט שטעדט; איך האָב אזוי איבערגעמאכט דאָס פנים פון דער ערד, אז גאָט אליין, וואָס האָט זי בעשאפען, וואָלט זי איצט ניט דערקענט. און איך



ווייס ניט, צו וואָס האָב איך דאָס געטהאָן. וועמעס ווילען האָב איך ערפילט? וואָס פאר א ציעל האָב איך געהאט פאר מיר? מיין קאָפּ איז טעמפּ. איך בין טויט־מיעד. עס דריקט מיך מיין קראפט. ערקלער זשע מיר, קעניג! אז ניט וועל איך נעהמען מיין האמער און צעשפּאלטען אָט די ערד, ווי א לעדיגען נוס.

ער הויבט אויף דעם האמער.

דער קעניג הונגער.

ווארט אויס, מיין זוהן! היט דיינע כחות פאר דעם לעצטען גרויסען אויפשטאנד, דעמאָלט וועסטו געוואָהר ווערען אלצדינג.

דער ארבייטער פינסטער און געהאָרזאַם:

איך וועל ווארטען.

דער צווייטער ארבייטער געהט צו צום קעניג הונגער און רעדט אויפגערעגט, אָנווייזענדיג אויפ'ן ערשטען:

— ער פערשטעהט ניט גאָר נישט. ער מיינט, מען דארף צעשפּאלטען די ערד. דאָס איז ניט ריכטיג. די ערד איז שעהן, ווי א גן־עדן. מען דארף זי היטען, מען דארף זיך בעגעהן מיט איהר צערטליך, ווי מיט א קליין מיידעלע. פיעלע פון די, וועלכע שטעהען אָן דאָרט אין דער פינסטער, זאָגען, אז ס'איז ניטאָ ניט קיין זון, ניט קיין הימעל, אז אויף דער ערד איז אנ'אייביגע נאכט. בעטראכט זיך נאָר: אנ'אייביגע נאכט!

ער הוסט.

דער קעניג הונגער.

פארוואָס שמייכעלסטו, הוסטענדיג מיט בלוט, און קוקסט אויפ'ן הימעל?

— ווייל אויף מיין בלוט וועלען אויסוואקסען בלומען, און איך זעה זיי שוין איצט. ביי א רייכער שעהנער דאמע אויף דער ברוסט האָב איך געזעהען א רויטע רויז: זי האָט ניט געוואוסט, אז דאָס איז מיין בלוט.

דער קעניג הונגער שפאטיש:

ביזט, מיין זוהן, א פאעט. אפשר שרייבסטו גאר שירים, ווי זיי?

— א, קעניג, לאך ניט פון מיר. אין דער פינסטער האב איך זיך אויסגעלערענט צו שעצען דאס פייער. אין די ליידען פון טויט האב איך זיך אויסגעלערענט פערשטעהען, ווי שעהן איז דאס לעבען. א, ווי שעהן איז די וועלט! דאס וועט זיין א גרויסער גארטען, און מענשען און חיות וועלען דארטען שפאצירען און ניט אנריהרען איינער דעם צווייטען. ניט טשעפעט די חיות! ניט טשעפעט די מענשען! לאזען זיי שפאצירען, לאזען זיי קושען, האלובען איינער דעם צווייטען. זאל זיי קיינער ניט טהאן קיין בייז!

טרויעריג זאגט ער ווייטער:

— אבער וואו איז דער וועג? וואו איז דער וועג, ווייז איהם אן, קעניג הונגער.

דער קעניג הונגער, פעסט און פינסטער:

אנ'אויפשטאנד.

דער ארבייטער, טרויעריג:

דורך גוואלט־מעשים צו פרייהייט? דורך בלוט צו די פריידען פון ליעבע?

דער קעניג הונגער.

קיין אנדער וועג איז ניטא.

מען שווייגט. שווערע זיפצען. עס געהט צו דער דריטער ארבייטער און זאגט מיט זיין פארבלאזער שטים:

— דו ליינגסט, קעניג הונגער. אט אזוי האסטו געטויט מיין פאטער און מיין זיידען און מיין עלטער־זיידען, איצט נעהמסטו זיך צו אונז. וואוהין פיהרסטו אונז, שוואכע? דו זעהסט דען ניט, ווי פינסטער מיר זענען, ווי בלינד און אהנמעכטיג. דו ביזט א פעררעטער. דאס ביזטו נאר ביי א ו נ ז אזא קעניג, ביי זיי, ביי די רייכע, ביזטו א משרת, בעדיענסט זיי ביים טיש. דאס געהסטו נאר ביי אונז אנגעטהאן אין א קרוין, ביי זיי געהסטו ארום מיט א סערוועטקע אין האנד.



דער קעניג הונגער שרייט צארניג:

שווייג! ביזט עובר בטל!

פעסטע שטימען:

— ניין.

— לאז ער ריידען.

— רייד, אלטער.

— און דו, קעניג, הער.

דער קעניג הונגער, פערענטפערט זיך, ווייך:

האט קיין פאראיבעל ניט, קינדער. לאז ער רעדען, אודאי. רייד, אלטינקער, האב ניט קיין מורא.

— איך האב ניט קיין מורא. איך בין א שרייפעל אין דער מאשינע, וואס האב איך מורא צו האבען? אבער דו — פאר וואס נארסטו אונז אב? פארוואס גיעסטו אונז אריין א פאלשע האפנונג, אז מיר וועלען זיעגען? האט דען געטראפען אמאל, אז דער הונגעריגער זאל זיעגען?

דער קעניג הונגער.

יא — אבער איצט וועט ער זיעגען.

שטימען:

— מען מוז מאכען א סוף.

— אזוי קען מען ניט לעבען.

— בעסער טויט, איידער לעבען אזוי.

— קיין אנדער וועג איז ניטא.

דער ערשטער ארבייטער.

אז ניט וועל איך אויפהויבען מיין האמער...

דער צווייטער ארבייטער.

— און אויב ס'איז יא דא אנ'אנדער וועג?

— וואסער וועג?

— זאג! וואסערער!

— ער רעדט פון היץ!

זיי טרעטען צו נעהנטער און שטעהען ארום דעם קעניג הונגער און די ערשטע ארבייטער.

דער צווייטער ארבייטער פער׳חלום׳ט.

און אפשר... פרופען... אנצינדען די ערד מיט אונזערע גאלדענע טרוימען?

מען לאכט. דער צווייטער ארבייטער רעדט האסטיג און אויפגערעגט:

— ווארט אקארשט. פאראן אנ׳אנדער קעניג, ניט דער קעניג הונגער (דערשרעקט זיך). כ׳האב אבער פערגעסען, ווי ער הייסט.

מען לאכט. דער קעניג הונגער רעדט מיט א טאן פון אנ׳עלטערען:

— ביזט א פאעט, מיין זוהן. די פאעטען האבען קיינמאל ניט אנגעצונדען די ערד. אנצינדען זי האט נאר בכח דער גרויסער, דער שטארקער, דער אלמעכטיגער קעניג הונגער! פאלגט זשע מיך, מיינע קינדער!

ער לאזט אראב דעם קאפ און רעדט פינסטער און פעסט.

— אייער אלטער האט מיך דא אנגערופען משרת. איך בין געוועז דערצארענט, ווארום גרויס איז די בעלײדיגונג, וואס ער האט מיר געווארפען אין פנים... ס׳איז אבער אמת. יא... איך בין א משרת. איך בין אנ׳אונטערהעלפער ביי די זאטע. א געדונגענער מערדער בין איך ביי זיי אין די הענד, א הענקער, וועלכעו־שטראפט נאר דעם, ווער ס׳איז ניט שולדיג. א נידערטרעכטיגער, מיאוס׳ער מענש, וואס האסטו געמאכט פון מיר? וואס פאר א שענדליכער פלעק איז געווארען פון מיין גרויסען, מיין אייביגען טראן!

ער רעדט צערטליך, מיט א פריינדליכען קול:

— א קינדער, ליעבע קינדער מיינע! טהוט א קוק, וואס עס טהוט זיך אין וואלד, אין טיעפען טייך, אין ים, אין זומפ — אומעטום, וואו איך בין נאך דער איינציגער הערשער; טהוט א קוק, ווי שעהן, ווי וואונדער־שעהן עס איז דארט! אלעם לעבט,



אלעם וואקסט, אלעם בעקליידט זיך מיט קראפט און מיט פארבען, שטרעבט צו ווערען א רעגענבויגען, א גאט — ווי וואונדער שעהן עס איז דארט! דארט איז אויך פאראן טויטע, ס׳איז ניטא אבער קיין גע׳הרג׳טע, ניטא קיין אומזיסט צום טויט פער׳משפט׳ע — ווארום איך בין דער קעניג פון גערעכטיגקייט אין מיין גרויסער מלוכה!

ווערט אנגעצונדען פאר כעס.

— און דא? א נידערטרעכטיגער, א ליסטיגער מענש! ער זיצט זיך, א נישטיגער, א זאטער, א פוילער, און טרייבט מיך איבער דער וועלט, ווי א משוגע׳נעם הונד. און איך פאלג. קעניג הונגער, אהער! קעניג הונגער אהין! הרג׳ע יענע! זויג אוים דעם כח ביי די! טויט די עופה׳לעך מיט זייערע מאמעס! נעהם צו די שעהנקייט און די קראפט ביי דעם שעהנסטען לייב, און זאל בלייבען אויף דער וועלט נאר איין מושל — איך, דער זאטער, דער נישטיגער, דער פוילער. איך וויל ניט עסען, טא שפאר מיר אריין אין האלז אריין א פום פון א שאף, שטופ זי אריין אין מיין פעטען בויך! און איך שפאר און שטופ — און וויש אוים מיט דער סערוועטקע די פעטע ליפען!

די ארבייטער לאכען, און דער קעניג הונגער לאכט אויך מיט גרימצארן. ער רעדט ווייטער:

— וואס האסטו געמאכט פון מיין ווילען, פון מיין גרויסען פערלאנג, דו נידערטרעכטיגער, דו ליסטיגער מענש! — איהר הונגעריגע — מיט מיר קומט אנטקעגען די זאטע! לאמיר אומקעהרען דעם מענשען זיין שעהנקייט און זיין קראפט, לאמיר איהם ווידער אריינווארפען אינ׳ם שטראם פון אונענדליכער בעוועגונג! איהר הונגעריגע, מיט מיר!

ערווארפט זיך איבער׳ן ענגען רוים.

— ווער האט געזאגט, אז איהר זענט שוואך? איהר זענט די קראפט פון דער ערד. דו ביזט דען שוואך?

בטעות כאפט ער פאר׳ן אקסעל דעם אלטען ארבייטער, יענער בויגט זיך אהנמעכטיג איין.

---

— יאָ, כ׳האָב א טעות געהאט. דו ביזט שוואַך. אָבער דו, דו, מיין פריינד?

ער כאַפּט אָן דעם ערשטען ארבייטער פאר דער האנד. קוקט אויף איהם מיט פערגעניגען.

— איז אָט דאָס ניט קיין קראַפט? איז אָט דאָס ניט קיין שעהנקייט? קוקט איהם אָן. ס׳ארא מוסקעלן, ס׳ארא ברוסט! ליעבער זוהן מיינער, דו ביזט ווערטה צו זיין א קיסר און ביזט ספק־הכל א קנעכט. גיעב מיר דיין האנד, איך וועל זי קושען.

ער וואַרפט זיך האסטיג אויף די קניה און קושט די שווערע מאַטע האנד.

דער ערשטער ארבייטער.

איך פערשטעה גאָר נישט ניט.

שטימען:

— זיי האָבען געוועהר!

— זיי האָבען הארמאַטען וואָס מיר האָבען געמאכט!

— זיי האָבען אינזשענערען.

— געלעהרטע.

— זיי האָבען די מאכט, און די קראַפט, און פערשטאנד!

דער קעניג הונגער הערט זיך איין מיט אנ׳אויסגע־שטרעקטען האלז.

— זיי האָבען מאשינען!

— בייזע מאשינען!

— קלוגע מאשינען!

דער קעניג הונגער טופּעט מיט׳ן פוס און שרייט אין צאָרען:

טאָ צערברעכט זיי! איך האס די מאשינען! זיי ליגען, זיי נארען אייך אָב, זיי מאכען אייך פאר שקלאַפען. צערברעכט זיי!

— זיי האָבען הארמאַטען!

— טאָ נעהמט זיי צו!



---

דער ערשטער ארבייטער.

— און ווער וועט פון זיי שיסען? מיר אליין קענען ניט, קעניג!

דער קעניג הונגער, פול מיט ווילדען כעס, שרייט פלוצלונג ווי ניט אין זיך, מיט א בעפעהלענדער שטים:

— שווייגט!

און ווען אלע ווערען שטיל, רעדט ער געשפּאנט, צווישען די צייהן, קוים איינהאלטענדיג דעם ברויזענדען צאָרען:

— נאַראָנים! די הארמאַטען דארפען זיי האָבען, ניט איהר. נעהמט זיי נאָר צו, וועלען זיי ווערען שוואַך און זאנפט, ווי די שעפּעלעך. זיי וועלען בעטען, זיי וועלען קניהען, מען זאָל זיי נאָר לאָזען לעבען.

— דאָס איז אמת.

— נעהמט ביי זיי צו די הארמאַטען, וועלען די אינזשענערען און די געלעהרטע קומען דיענען צו א י י ך, און איהר וועט ווע־רען די הארען פון דער ערד!

— דאָס איז אמת!

— ניין, ס׳איז פאלש, ברידער, עס גרייט זיך א נייער פערראַט.

— ניין, דאָס איז אמת!

דער קעניג הונגער.

צום אויפשטאנד, קינדער מיינע! אין גאַס אריין! ברעכט די מאשינען, שניידט די פּאסען, פערלעשט די פייערס — אין גאַס אריין! צום אויפשטאנד, קינדער מיינע! אייך רופט דער גרוי־סער, דער אומגליקליכער קעניג!

שטימען:

— אין גאַס אריין!

— מיר האָבען מורא!

— מען וועט אונז טויטען!

— אין גאַס אריין!

++++++++++++++++++++++++++++++++++++++++

— אזוי איז שוין ניט מעגליך צו לעבען. אוועק'ט, איהר טרוסען!

— ברעכט די מאשינען!

— מיר האבען מורא!

— מיר האבען פחד!

— האב רחמנות, קעניג הונגער, מיר האבען אזוי מורא!

דער קעניג הונגער טהוט א מאך מיט דער האנד און אלע ווערען שטיל. ער שטעהט בעלויכטען אינ'ם רויטען אבגלאנץ פונ'ם אויווען און רעדט מיט א קאלטען האפנונגסלאזען טיעפען כעס:

— איהר האט מורא, קינדער? אזוי? נו, טא הערט זשע מיך, טרוסען, וואס איך וועל רעדען צו אייך. ניט מיט קיין ליכטיגער בשורה פון שלום בין איך געקומען צו אייך — צו־מארדען האט מען מיך אהער געשיקט. איהר ווילט ניט אבשטעלען די מאשינען — וועל איך זיי אבשטעלען אליין. איהר ווילט ניט ווארפען די ארבייט — וועל איך אייך נויטען מיט געוואלט. איך וועל נאכגעהן נאך אייך, — איך וועל אריין אין אייערע הייזער, איך וועל אויסווערגען אייערע פיצעלעך קינדער, איך וועל ארויסקוועטשען ביי אייערע ווייבער און מוטערס דעם לעצטען טראפען מילך פון זייערע בריסט — און איך וועל זיי טויטען. איבער זייערע טויטע קערפערס וועט איהר וויינען מיט ביטערע טרעהרען!

ער רופט אין בלינדער וואוט:

— טויט! אהער!

אינמיטען דעם שווייגען, אין דער געשפאנטער שטילקייט, לאזט זיך הערען דער הייזעריגער קלאנג פונ'ם טרומייט, דריי מאל, פון דער ווייט, נאכדעם אלע מאל נעהנטער. די ווייטע אויוועגס ווערען אויסגעלאשען, פונקט ווי א שטראם פון פינסטערניש האט זיי פערפלייצט; הינטער די ארבייטער, אין ווינקעל, דערהויבט זיך עפּיס א ריעזיג־גרויס'ס, א שווארצס, א פערשוואומענס.

— דאס ביזטו, טויט?



++++++++++++++++++++++++++++++++++++++++

פריהער איז שטיל, נאכהער הערט זיך דער אונצופריעדענער טרוקענער ענטפער:

— יא, — דאס בין איך.

די ארבייטער שטופען זיך איינער צום צווייטען און לאזען פריי דאס ווינקעל, וואו עס שטעהט, ווי א שווארצער פערשוואומענער פלעק, דער טויט.

## דער קעניג הונגער.

איהר האט געהערט? ער איז שוין דא. ער שטעהט הינטער אייך און ער ווארט. איין וואונק, איין מאך מיט דער האנד — וועט ער בעפאלען אייערע הייזער, ווי א שווארצע כמארע, אהן רחמנות, און וועט טויטען אויף רעכטס און אויף לינקס — אייערע ווייבער און קינדער וועט ער טויטען. ווייסט איהר, וואס דאס הייסט, ווען מען טראגט אין די פינסטערע גאסען קליינינקע מתים, איינס נאך'ן אנדערען קליינינקע מתימ'לעך, פיצעלעך מתים'לעך, אהין, אין דער אייביגער רוה—אין די הילצערנע רוהיגע וויעגעלעך?

## א געשפאנטעם שווייגען.

— טא קלייבט זשע אייך אויס, איהר טרוסען: וואס ווילט איהר בעסער, אליין אומקומען אדער ס'זאלען שטארבען אייערע קינדער? ווער זאל בעקומען דעם טויט? זאגט זשע, גיכער, ער ווארט.

## מען שווייגט.

דער ערשטער ארבייטער ענטשלאסען:
בעסער מיר.

דער צווייטער ארבייטער.
בעסער מיר, בעסער מיר.

פערשיעדענע פעסטע, שטרענגע, געהארזאמע, ענטציקטע שטימען:

✝✝✝✝✝✝✝✝✝✝✝✝✝✝✝✝✝✝✝✝✝✝✝✝✝✝✝✝✝✝✝✝✝✝✝✝✝✝

— בעסער מיר! בעסער מיר! נעהם אונז, טויט! זיעג אָדער טויט! טויט!

מיט א גרויסען געשריי קניהען זיי פאר דעם אונבעוועגליכען טויט. און אינ׳ם רויטען אָבשיין פונ׳ם אויווען שטעהט דער קעניג הונגער, ארומגעכאפט דעם קאָפּ מיט די הענד, און שלוכצט אויף א קול, אין ווילדער פערצווייפלונג און פרייד.

דער פאָרהאנג פאלט.



# דאס צווייטע בילד.

---

דער קעניג הונגער רופט צו אנ׳אויפשטאנד דעם הונגעריגען המון.

---

נאכט.

א שווארצע פלאכע וואנד; קענטיג, זי איז זעהר הויך, אָבער זעהען זעהט מען נאר א טהייל פון איהר — דעם וואָס איז נעהנטער צו דער ערד. אין דעם דאָזיגען טהייל, אויבען, איז פאראן עטליכע גרויסע פענסטער מיט שפיגעל־שויבען; פון די פענסטער זעהען זיך ארויס נאָר די אונטערשטע צוויי דריטעל. זיי זענען העל בעלויכטען — דאָרט קומט פאר א באל. דורך די דינע גארדינען און דעם נעץ פון טראָפּישע וואזאָנען, וועלכע שטעהען פאר די פענסטער, זעהט מען אינעווענינ א אונבעשטימטע בעוועגונג; אָפּטמאל שווימען פארביי נאָר נאָהענט א טאנצענדיג פּאָרעל, דעמאָלט ווארפט זיך אין די אויגען דער שווארצער קאָסטיום פון דעם הער, דאָס ווייסע קלייד און די ווייסע נאַקעטע אקסלען פון דער פרוי. עס שפיעלט כמעט אָהן אנ׳אויפהער א שעהנע, זאנפטע מוזיק, און נאָר איינמאָל הערט זיך א קורצע צייט דער זעלבער מאָטיוו, וועלכען מען שפיעלט אויפ׳ן באל ביי דעם מענשען*). עס טרעפט א

---

*) דער אויטאר מיינט דאָ דעם מאָטיוו, וועלכער ווערט געשפּיעלט אין דעם דריטען אַקט פון זיין דראַמאַ: „דאָס לעבען פונ׳ם מענשען“. אין דעם אַקט קומט פאָר א באָל ביי׳ם מענשען, און די מוזיק שפּיעלט דאָרט אַ קורצען, איינפאכען מאָטיוו, ווי א מין פּאָלקע.

אנמערקונג פיי׳ם איבערזעצער.

פּאָר מאָל, אז עמיצער א בילד־שעהנער געהט צו צום פענסטער און
קוקט אריין גלאט אזוי אין די פינסטערניש פון דער גאס; אָדער
א יונג, שעהן, פערליעבט פּאָרעל בעהאלט זיך אויף א מינוט הינטער
די גארדינען און קושען און האלזען זיך צערטליך.

אונטען אין דער וואנד זעהט מען די קעלער־וואהנונג פון דעם
הויז. דער האלב־קיילעכדיגער געמויערטער סופית לאָזט זיך אראָב
זעהר נידריג, און עס דאכט זיך — דעם גאנצען קעלער האָט צונגע־
פלעטשט די אונגעהייערע משא פון דעם גרויסען הויז. די וואָהנונג
איז לאנג און שמאָל און האָט א פּנים ווי דאָס האלב געעפענטע,
מיט שטיינער שווער איינגעפּרעסטע מויל פון א גרויסען אויווען.
עטליכע הענג־לאָמפּען בעלויכטען דעם רוים; דאָס ליכט איז אין
אלגעמיין אביסעל שוואכער ווי אין די אויבערשטע פּריצ׳ישע צימע־
רען, אָבער גענוג העל, אז מען זאָל קענען זעהען דייטליך אלצדינג,
וואָס דאָרט געפינט זיך.

אין די ווינקעלעך און אין דעם עק רוים, וואָס איז ווייטער
פון די צושויער, וואלגערען זיך אלערליי אלטע כלים: לעדיגע,
האלב־צעבראָכענע פעסלעך אָהן רייפען, עפּים ברעטער, הילצערנע
שטענדערס א. אז. וו. — קענטיג, דאָ וואָהנט ניט קיינער. אינמי־
טען שטעהט א לאנגער טיש, און ארום איהם זיצען אויף פעסלעך
און ברעטער די פערזאמעלטע פאָרשטעהער פון דעם הונגעריגען
המון; אויסגעזעצט זענען זיי אין שטרענגע אָרדנונג און בכלל
מאכען זיי נאָך אזוי פּינקטליך אלצדינג וואָס ס׳טהוט זיך אויף
אנ׳אמת׳ער ערנסטער פערזאמלונג, אז עס ווערט אזש אביסעל אונ־
היימליך צו קוקען. ס׳איז דאָ א טינטער און א גלעקעל, און אפילו
א פאָרזיצענדער, וועלכער זיצט, קוים וואָס ער האלט זיך, אויף א
הויכען פעסעל.

פערזאמעלט איז א מאן צוואנציג. דאָס זענען גאסען־פּראָ־
סטיטוטקעס, חוליגאנעס און זייערע חבר׳טעס, אלפאָנסען, קעשענע־
גנבים, מערדער, בעטלער, קאליקעס און אנדערע אויסוואורפען פון
דער גרויסער שטאָדט, דאָס שרעקליכסטע, וואָס ס׳קענען נאָר בע־
שאפען די אָרימקייט, די זינדיגקייט, דאָס פערברעכען און דער איי־





ביג־נאָגענדער הונגער פון דער מענשליכער זעעל. נאָר צוויי דריי
פון די פערזאמעלטע, צווישען זיי א קליין מיידעלע, האָבען א פּנים
ווי געוועהנליכע מענשען און זענען אָנגעטהאָן ווי מענשען; די
איבעריגע זיינען אלע איין ווילדע און בייזע העסליכקייט, גאָר ווע־
ניג עהנליך צו מענשען; קיין שטערענס האָבען זיי כמעט גאָר ניט,
די שארבענס זענען העסליך ענטוויקעלט, די קין־באקען ברייט, אין
דעם גאנג און אין די בעוועגונגען דערמאָנען זיי אָן בהמות אָדער
ווילדע חיות — בכלל זעהען זיי אויס ווי בעשעפעניש׳ען פון גאָר א
בעזונדערער ראסע. אָנגעטהאָן זענען זיי פאנטאסטיש און שמוציג,
נאָר די אלפאָנסען זענען אויסגעפּוצט מעשה־פראנט אין אומגע־
לומפּערטע מלבושים, מיט קאָלירענדיגע קראוואטען און האָבען
אפילו ריין צוגעקאמטע שרונטען אויף זייערע מיקראָצעפּאלען־קעפּ.
איינגע פּנימ׳ער זענען זעהר טונקעל; אנדערע זעהר רויט; פּא־
ראן פּנימ׳ער וואָס מאכען א אונהיימליכען איינדרוק, טויט־בלייכע,
וויים ווי פּאפּיער, מיט רויטע פלעקען אויף די באקען.

דער פאָרזיצענדער — א דיקער, א נידריגער, מיט אויסגע־
גלאָצטע אויגען און א לענגליכען פערשארפטען קאהלען שארבען,
האָט א פּנים פון א שכור׳ער זשאבע, וועלכע קען ניט כאפּען דעם
אָטעם. זיין פּנים איז רויט.

דער פאָרזיצענדער קלינגט מיט׳ן גלעקעל און רעדט שווער,
קוים וואָס ער כאפּט דעם אָטעם, אָבער זעהר פריידליך:

— אלע... האָבען ערהאלטען... איינלאדונגס־קארטען?

— קיינער האָט ניט ערהאלטען.

— נו, מאכט ניט אויס. מיר׳ן אָבהאלטען די פערזאמלונג
אָהן קארטען אויך. אלזאָ, מיינע דאמען פּראָסטיטוטקעס... און
נבלות, מיינע הערען... חוליגאנעס, קעשענע־גנבים, מערדער און
אלפאָנסען... איך עפען די פערזאמלונג. פאר אלעמען, אלס
פאָרזיצענדער... בעט איך די הערען מיטגליעדער זיך מודה זיין
אָפען: ווער האָט געבראכט מיט זיך בראנפען?

— איך.

— איך אויך. אָבער דיר וועל איך געבען א מכה.

— אלע האָבען.

— ע... דאס איז ניט גוט. דאָ טאָר מען ניט טרינקען, אָבער ווער עס וויל, דער זאָל אוועקגעהן אין ווינקעל, אָן דארט, פון יענער זייט פעסעל, דאָרט איז דער בופעט. און נאָך איינס: ביי'ם טיש זאָל מען ניט שלאָפען: אָן דאָרט כראָפּעט שוין א דאמע. העי, דאמע! הער סעקרעטאַר, לעגט איהר אריין אין קאָלנער!

— שטעה אויף, שווארץ יאָהר!

— זאָלען געהן צו אל די רוחות די ווייבער!

— אָרדנונג.

— אָך, ווי איז דען מעגליך אָהן דאמען. די דאמען זענען דאָך אונזער ציהרונג, אזוי מיין איך.

— שוויינ, אלפאָנס!

— גנב!

## דער פאָרזיצענדער.

— זעהט איהר, דאָס איז אויך ניט גוט. הער גנב! הער אלפאָנס! דאָ זענען אלע גלייך. די דאמען אויך, געוועהנליך...

ער שטעלט אָן די אויגען צום באלקען פערוואונדערט און שרייט אוים:

העי, כלי־זמר, זאָל שוין זיין שטיל! — זיי ווילען ניט שווייגען.

— צום טייוועל דעם פאָרזיצענדען!

— פאר וואָס איז?

— ער איז שכור. דערעסען. אָרדנונג! ער איז שכור!

— זעהט איהר, אזוי רעדען איז אויך ניט גוט. איך האָב דען דאָ געטרונקען? איך האָב זיך אנגעטרונקען פריהער. נאָר אויב אלע ווילען...

— אלע! אלע!

— טאָ כאפּט אייך דער טייוועל!

ער געהט אוועק אין ווינקעל, נעהמט ארוים פון דער קעשענע א פלאש און טרינקט. אויפ'ן פלאץ פונ'ם פאָרזיצענדען שפּרינגט



ארוים ענטשלאָסען און שנעל א י ו נ ג ע ר ח ו ל י ג א ן מיט א טויט־בלייכען בלוטלאָזען פנים און מיט שווארצע פערדרעהטע ווענסעלעך. קענטיג מען האלט איהם פאר א שעהנעם און ער ווייסט דאָס, ווארום ער מאכט חן און קאָקעטירט. אָפּטמאָל פער־שווינדט אָבער דאָס אלעס, און דעמאָלט איז גענוג א קוק צו געבען אויף זיין פנים, ווי טהיריש עס זענען אויסגעשטערט זיינע צייהן, ווי בלאס ס'זיינען זיינע באקען, ווי זאנפט־גנבה'ש ער שליסט צו זיינע שארפע, דורכדרינגענדע אויגעלעך, — כדי צו דערשפּירען אין דעם מענשען אן אומדערבארימדיגען אכזר, א שרעקליך פלאכע און בלויזע נשמה, וועלכע קען ניט געוועלטיגען איבער זיך אין דער מינ־דעסטער זאך.

— שטיל זאָל זיין. איך בין פאָרזיצענדער.

— ווער האָט דיך געוועהלט?

— אליין ארויסגעשפּרונגען.

— ניין, דאָס איז פיין. ער מעג...

דער פארזיצענדער שטשערעט אוים וויטהענד די צייהן.

— שטיל זאָל זיין! שווייגט (ווייטער רעדט ער מאט און זאנפט) איינינע האָבען דאָ מעסערס... ווער עס וועט האָבען טענות געגען די וואהלען, ווער ס'וועט ליארעמען, שטערען די אָר־דנונג, וואָלט איך איהם געבעטען זיך מטריח זיין צום גלח און אב־זאָגען ודוי...

מען לאכט צופריעדען.

— שטיל! העי, זעצט נאָר אוועק אָט דעם שכור אויף אנ־אָרט.

— דאָ איז דער בופעט.

מען שלאָגט דעם שכור, דעם געוועזענעם פאָרזיצענדען, און מען זעצט איהם אויף אנ'אָרט.

— זיץ איך, נו.

— שווייג! אויפ׳ן טאגעס־אָרדנונג ווערט געשטעלט די פראַגע וועגען דער נויטווענדיגקייט פון אלגעמיינער צערשטערונג.

— וואס?

— אלגעמיינער צערשטערונג. די רעדנער בעט איך זיך פערשרייבען איינער נאָך דעם אנדערען. ווייבער און שכור׳ע מענען רעדען נאר מיט א ספעציעלער ערלויבניש פונ׳ם פארזיצענדען. שטילער! ווער וויל ריידען?

איינער שטעהט אויף.

— איך וואלט פארגעלעגט מען זאל צו־ווארטען אויפ׳ן טאטען.

דער פארזיצענדער, פינסטער:

— צוליעב וואס?

— ער האָט אונז צונויפגערופען אהער.

— יא, אמת.

— צו־ווארטען!

— שווייגט! פון די ערטער טאָר מען ניט ריידען. מיר ווייסען ניט, ווען ס׳וועט קומען דער טאטע, און ווארטען איז ניט מעגליך. פיעלע האָבען נאָך היינט ביי נאכט א שטיקעל ארבייט. איך לעג פאָר אנהויבען די דעבאטען.

אאאאח — ענטשולדיגט: עס שטערט זעהר די מוזיק און דאָס טופען פון די טענצער.

— זאלען זיי טאנצען. די מוזיק איז גענוג שעהן, כדי צו בעגייסטערען די רעדנער. וואס ווילט איהר עפּים?

— איך וואלט געוואלט רעדען דער ערשטער. איך און מיין געעהרטער חבר דארפען היינט ביינאכט אויסקוילען א גאנצע משפחה. איהר פערשטעהט אליין, הער פארזיצענדער, אז דערויף דארף מען האָבען א סך צייט, און איך...

— איך פערשטעה. איהר האָט דאָס וואָרט.

דער רעדנער הויבט אָן מיט א זיס קול:

— געעהרטע פערזאמלונג! איך וועל זיך ניט איינשטעלען



זאָגען הויכע פערזאמלונג, ווייל אזוי ווי מיר געפינען זיך אין א קעלער...

— קירצער.

— איך פאָלג. ווען איך בין געבוירען געווארען...

דער פארזיצענדער, מיט כעס:

— איז געבוירען געווארען א נאר. איהר דארף היינט אויסקוילען א גאנצע משפחה, און איהר הויבט דאָ אָן פון געבוירען אָן, ווי א מיטגליעד פון פארלאמענט.

— אבער די פארלאמענטס־מיטגליעדער האָבען דאָך אויך...

— איך בעט פאלגען. איבערהויפּט לעג איך פאָר צו רעדען ניט מעהר ווי צוויי מינוט. ווער האָט א זייגער, איך האָב מיינעם פערגעסען אין דער היים.

איינער פון די מיטגליעדער נעהמט ארויס פון קעשענע צעהן זייגערס און לעגט זיי אויפ׳ן טיש.

— אָט איז.

— א דאנק אייך. גענוג איינער. כדי ס׳זאל ניט דויערען צו לאנג, לעג איך פאר אין די רעדעס זאָל מען נאָר פאָרלעגען מיטלען פון צערשטערונג, די מאָטיווען זענען אלעמען בעקאנט.

— ניין, ניט אלעמען. זאל מען רעדען.

— ס׳ארא טאנצען! זיי וועלען, דאכט זיך, די פּאָדלאָגע דורכברעכען איבער אונזערע קעפּ.

— זיי איז פרעהליך.

— ניש׳קשה. באלד וועלען זיי וויינען.

— און מיר וועלען טאנצען!

— שטילער! אלזאָ לעג איך פאָר: 2 מינוט וועגען די מאָטיווען פון דער צערשטערונג, 2 מינוט — וועגען די מיטלען. איך בעט רעדען.

א רעדנער מיט א טונקעלען פּנים רעדט דומפּ:

— מיר זענען הונגעריג, ווי הינד האָט מען אונז ארויסגעוואָר־

פען אין דער נאכט אריין. מ'האָט אונז בערויבט, צוגענומען אלצדינג: אונזער כח, אונזער געזונד, אונזער פערשטאנד, אונזער שעהנקייט...

— און זייערע ווייבער זענען שעהן!

— די מאנסבילען אויך.

— שטילער!

— מיר האָבען ניט קיין בושה, קיין גאָט, קיין געוויסען, מיר האָבען ניט גאָר ניט אויף דער גאנצער ערד. מיר זענען ערגער ווי בהמות, ווייל מיר זענען אמאָל מענשען געווען. איך לעג דעריבער פאָר (וויזט ארויף): צערשטערען, פערניכטען, אויסמעקען פון דער וועלט. א מיטעל: פער'סם'ען זייער וואסער־לייטונג.

— און וואו וועלען מיר נעהמען אזוי פיעל סם?

— מיר'ן בעראבעוועו די אפטייקען.

— נארישקייטען. מיר'ן אליין אויס'פגר'ן.

— מיר'ן טרינקען וואסער פונ'ם טייך. און אויב אפילו אויס'פגר'ן...

— איך וויל ניט שטארבען.

— צום טייוועל! ס'טויג ניט. דער נעקסטער!

אין דער נאהענט הילכט דריי מאָל דער לאנגער, הייזעריגער קלאנג פונ'ם האָרן, וועלכער זאָגט אָן, אז דער טויט געהט. אבער קיינער הערט איהם ניט. עס שטעהט אויף א רעדנער, אנ'אלטער מיט א רויטען געזיכט.

— איך האָב בעמערקט, אז דער גאנצער כח זייערער (וויזט ארויף) איז אין די ביכער. ווען א מענש לייענט איבער א סך ביכער, ווערט ער קלוג. און אז ער ווערט קלוג, הויבט ער אָן ראַבעווען און מען קען מיט איהם גאר ניט מאכען. ער בעקומט אנ'אנדער פנים, אנ'אנדער שפראך און אנדערע קליידער, און מיר בלייבען ביי גאָר ניט, פון אונז שעפּט מען אויס דאס לעבען ווי מיט א פּומפּ. דעריבער לעג איך פאָר: פערניכטען זייערע ביכער. איך האס די ביכער. ווען איך זעה א בוך, וויל איך איהם שלאָגען,



שפּייען איהם אין צורה, טרעטען מיט די פיס און שרייען: פּאסקודניק, פּאסקודניק!

— אבער ווי זאל מען זיי פערניכטען.

— איהר זענט א נאר, הער רעדנער. זיי וועלען אבדרוקען נייע.

— נאָך מעהר!

— ס'איז דאָ אזוי פיעל ביכער!

— שטילער! די אבשטימונג וועט זיין שפּעטער. זאל רעדען דער פאָלגענדער רעדנער.

— איך לעג פאָר...

— דער שכור, דער געוועזענער פארזיצענדער, פאלט פון דעם שטוהל. אין דער זעלבער מינוט געהט אריין דער טויט און זעצט זיך אויפ'ן פרייעם שטוהל. אויבען שפּיעלט פרעהליך די מוזיק און עמיצער א שעהנער געהט צו צום פענסטער און קוקט זיך איין גלאט אזוי אין דער פינסטערניש פון דער גאָס.

ביי'ם ליכט קען מען זעהען גענוי דאָס פּנים פונ'ם ט ו י ט. עס איז קליין, טונקעל, טרוקען, מיט גרויסע פינסטערע אויגען־לעכער און שטענדיג ארויסגעשטעלטע גרויסע ציינער, ווי די ווייסע קלאווישען פון א פּאָרטעפּיאן. דאָס פּנים איז זעהר רוהיג.

מען בעקוקט דעם שכור.

דער פארזיצענדער.

גע'פגר'ט. שלעפּט איהם אוועק אין ווינקעל.

דעם טויטען קערפּער שלעפּט מען גראָב אין ווינקעל אריין און ער ליעגט דארט די גאנצע צייט, ארויסגעשטעלט דעם קיילעכדיגען בויך, מיט די פּאָרעשוועס צו די צושויער.

— איך בעט פערנעהמען די ערטער. ווער ווייינט דאָס?

— זיין געליעבטע.

— זיין געליעבטע? ליעבע פרוי, איהר האָט געקענט ליעב

++++++++++++++++++++++++++++++++++++++++

האָבען אָט דעם חזיר? איך בעט אייך פונדעסטוועגען שווייגען. אז ניט וועל איך הייסען ארויספיהרען. שטיל!

— איך וועל מעהר ניט וויינען.

— זאל דער רעדנער פאָרטזעצען.

— איך לעג פאָר, האָט קיין פּאָראיבעל ניט... אין שטאָדט איז דאָ א גארטען מיט ווילדע חיות, מיט טיגערן... איך לעג פאָר: צעברעכען די שטייגען און ארויסלאָזען די חיות.

— דאָס איז נאריש. זיי האָבען ביקסען, הייזער, — אייך וועט מען אויפפרעסען דעם ערשטען...

— איז כאָטש אנשרעקען.

— צו וואָס טויג דאָס?

— אזוי, ס'וואלט גלאט געווען פרעהליך. אחוץ דעם — ער רעדט מיט א צערטליך קול — קומען אין גארטען אריין זייערע קינדערלעך, זאל מען כאָטש איין קינדערלע... אנ'עופה'לע... כ'וואלט א בעלן געווען זעהען.

— דאָס וואָלט איך אויך געוואָלט זעהען.

— ס'געפעלט מיר.

ער שמאָרעט וויינענדיג מיט'ן נאָז און בעט:

— איין איינציגס... איין קינדערלע...

— ריכטיג! ריכטיג! מען דארף איהם נאָכגעבען, דעם אלטען.

דער פאָרזיצענדער, צאָרניג:

— שווייגט! וואס וועט אונז העלפען איין קינדערלע זייערס, אדער צעהן, אדער הונדערט. א כפרה צערטליכע געפיהלען! מען דארף טהאן ראיעל. לעגט פאָר! לעגט עפּיס פאָר!

אלע קוקען זיך ארום צעמישט, קיינער קען ניט צוטראכטען גאר ניט. איינצעלנע אויסגעשרייען:

— שלאָגען זיי אין די גאסען!

— און פאָליציי?



++++++++++++++++++++++++++++++++++++++++

— פערזאמלען זיך אין באַנדעס און...

— מיר'ן פריהער איינער דעם אנדערען אבבייסען די קעפּ.

— איך האָב אנ'עצה! הערט. הערט זשע אוים! אנשטעקען זיי מיט אונזערע קראנקהייטען.

— מיט סיפילים!

— טיפוס!

— כאָלערע!

דער פאַרזיצענדער:

נארישקייטען! זיי האָבען דאקטוירים. טויזענטער אונזערע וועלען פגר'ן ביז ס'וועט אומקומען איינער פון זיי. וואס זשע שווייגט איהר? קלערט עפּיס צו! שוין זשע זענען מיר אזוי הילפלאָז.

— פערשאָלטענע ביכער!

— וואָס טהוט מען?

— זיי טאנצען.

— וואו זשע איז דער טאַטע?

— מיר זענען קראפטלאָז! פערפלוכטע! זיי טאנצען. וואו איז דער טאטע?

אלע, אחוץ דעם ט ו י ט, וועלכער בלייבט זיצען רוהיג, שפּרינגען אויף פון זייערע ערטער. זיי מישען זיך איבער אלע צו־זאמען און בילדען איין הויפען צורודערטע, אויפגערעגט־בייזע קערפּער, וועלכע שטרעקען די דראָהענדע הענד צום ניערעריגען, דריקענדען סופיט.

— פערפלוכטע!

— טאנצט! נור טאנצט!..

— מיר'ן קומען צו אייך. עפענט די טהירען, מיר'ן קומען צו אייך.

— מיר'ן אויסווערגען אייערע קינדער!

— פערפלוכטע!

— מיר'ן פערברענען אייערע ביכער!

— מיר'ן אייך ברייננגען אי סיפילים, אי כאָלערע, אי טיפוס!
— פערפלוכטע!

זיי שקריען מיט די צייהנער קראפטלאָז און בייז. עס קומט שנעל אריין דער קעניג הונגער.

— קינדער מיינע!

מיט א קרעכץ, א געוויין, א געיאָמער און א קוויטשעריי ווארפען זיך אלע צו איהם, רינגלען איהם ארום, פאלען אויף די קניע כאפען איהם פאר די הענד. עס בילדעט זיך א גרופע: אינמיטען, העכער פון אלע, שטעהט דער קעניג הונגער, ביי זיינע פיס וואלגערן זיך די אומגליקליכע, ציטערען און דריקען זיך צו איהם. אָן א זייט בלייבען נאָר דער טויט און דער פאָרזיצענדער חוליגאַן. ער זיצט, די הענד צונויפגעלעגט אויף דער ברוסט, און קוקט מיט פעראכטונג אויף די קרעכצענדיגע.

דער קעניג הונגער.

קינדער מיינע! געליעבטע קינדער פון הונגער! אומגליקליכע קינדער מיינע!

ער גלעט די געבויגענע קעפּ. אלעס קרעכצט. איינער טהיילט זיך אָב פון די איבעריגע, ער רעדט שטעהענדיג אויף די קניע, מיט א שטאמלענדיגער שפּראך, ווי א קינד:

— טאטע! זעה, וואס זיי האָבען פון מיר געמאכט! טאטע!

ער וויינט, ווישט די טרעהרען און רעדט ווייטער:

— טאטע, זעה, וואס פאר א נידעריגען שטערען איך האָב. איך קען ניט טראכטען, טאטע. בעטראכט מיינע אויגען — ס'איז דען אויגען? מען זעהט דורך זיי גאר נישט. זיי האָבען מיך אויפגעגעסען אינגאנצען, טאטע. ס'איז פון מיר גאר ניט געבליעבען, טאטע. איך וועל וויינען. (ער וויינט.)



— פאר וואס וויינט נאר ער? מיר זענען דען בעסער?
— איהם איז דען ערגער ווי אונז?
— לאמיר וויינען! לאָמיר וויינען!
— לעג ארויף דיין האנד אויף מיין אומגליקליכען קאָפּ. כ'האָב א קינד געטויט.
— האלובע מיך, טאטע!
— האָב רחמנות אויף מיר!
— א קלאָג איז צו אונז! — עלענדע זענען מיר!

זיי וויינען. און פערדעקענדיג דאָס געזיכט מיט די הענד, וויינט אויך דער קעניג הונגער.

— נעבאך! עלענדע קינדער — זאגט ער דורך טרעהרען.

די ווערטער, די קרעכצען, די געוויינען גיעסען זיך אלע צוזאמען אין איין לאנגען יאָמער־געשריי, פול מיט אונערטרעגליכען, אונטעראירדישען צער. די מוזיק אויבען איז, דאכט זיך, געוואָרען דערשראָקען: זי שפּיעלט טרויעריג און שעהן. און מיט פעראכטונג, די הענד צונויפגעלעגט אויף דער ברוסט, קוקט אויף די וויינענדע דער פאָרזיצענדער.

— גענוג, קינדער! — זאָגט דער קעניג הונגער, קומענדיג צו זיך.

דער פאָרזיצענדער.

יא. איך רעכען, גענוג שוין קינות. טאטע, האָב ניט קיין פאראיבעל, דו האָסט אריינגעטראגען א אונארדנונג אין אונזער פערזאמלונג. מיר זענען פערנומענע מענשען, מיר האָבען ניט קיין צייט.

דער קעניג הונגער.

פיהרט ווייטער די פערזאמלונג.

דער פאָרזיצענדער.

דיר קומט דער פלאץ פונ'ם פארזיצענדען.

— בלייב דו. איך וועל זיין נאָר א גאסט.

דעם פארזיצענדרען טהוט עס הנאה, ער נויגט זיך פאר'ן קעניג הונגער.

— אויף די ערטער! שטילער! ווער ווײנט עס נאך דארט? פערשטאפ דײנע קוואלען, אז ניט טרייב איך ארויס!

אלע פערנעהמען, זיפצענדיג, זייערע ערטער. דער קעניג הונגער זעצט זיך נעבען טויט.

— דו ביזט אויך דא?

דער טויט.

יא, — געהאט צו טהאן.

דער קעניג הונגער.

אט דער, אין ווינקעל?

דער טויט.

יא, — און ס'וועט נאך זיין.

דער פארזיצענדער קלינגט.

— די פערזאמלונג פיהרט זיך וויטער. — ווער וויל רעדען?

עס שטעהט אויף א קליין מיידעלע; זי האט א בלייך פנים און גרויסע שווארצע טרויעריגע אויגען. זי פערריכט דאס קלייד. איידער עס הויבט זיך אן איהר רעדע, וועלכע ווערט געהאלטען מיט א זעהר זאנפטען קינדערשען קול'כעל, אבער אהן שעמעוודיגקייט, זעהט זיך אויבען, פאר דעם בעלויכטענעם פענסטער, אזא מין סצענע: די גארדינען ווערען אבגערוקט אן א זייט און עס געהען אריין צוויי: א יונג מיידעל מיט א נאקעטען שטאלצען האלז, אויף וועלכען עס זיצט לייכט און ערנסט א שעהנער פערטראכטער קאפ, און א מינוט נאך איהר א פערליעבטער יונגער מאן. ער ליעבט זי מיט א שעהנער און ציכטיגער ליעבע, און זי?... אפשר יא, אפשר ניין. זי שטעהט, די אויגען אראבגעלאזט, וואונדער־שעהן און שטאלץ, און פלוצים דריקט זי איהם שנעל די האנד, און פלוצים בעלויכט זי איהם, ווי די זון, מיט א קורצען שיין פון איהר בליק, און גליטשט זיך ארויס ווי א ליכטיגער שאטען פון



הינטער די העלע גארדינען. ער שטרעקט די הענד נאך איהר; נאר זי איז נישטא; און פול מיט גליק, און אפשר מיט טרעהרען, ווענדט ער צו דער פינסטערער גאס זיין בלייך געווארענעם פנים.

דאס איז אויבען. און אונטען:

דער פארזיצענדער.

דו, א מיידעלע? דו קענסט דען רעדען?

דאס מיידעלע.

יא. איך וויל אויך זאגען. מעג איך?

דער קעניג הונגער, פערוואונדערט.

וועמעס קינד איז דאס?

— איך בין ניט קיין קינד. א זונה בין איך. איך בין אלט צוועלף יאהר, כאטש אויסזעהען זעה איך אוים עלטער. אז איך בין אלט געוועזן צעהן יאהר, האט די מאמע מיך פערקויפט א פריץ (ווייזט ארויף) פאר צוואנציג רובעל און א פלאש בראנפען. דאס איז ניט טייער, די מאמע איז אבער נאך דעמאלט ניט געוועזן געניט, ווארום איך בין די ערשטע טאכטער ביי איהר; פאר די איבעריגע האט זי שוין גענומען א העכערען מקח. די שוועסטער ליזעצקע, וועלכע האט זיך אויפגעהאנגען...

דער פארזיצענדער.

רעד נאר וועגען זיך. מיר האבען ניט קיין צייט.

דאס מיידעלע.

גוט — דאס האב איך גלאט אזוי זיך דערמאנט. פון דעמאלט אן, שוין צוויי יאהר, האב איך יעדע נאכט איינעם אדער צוויי מענער, אבער צאהלען צאהלען זיי ניט טייער. דאס געלט מיינס — ס'איז דאך מיין געלט — גיעב איך אב מיין געליעבטען, כדי ער זאל מיך ניט שלאגען אזוי שטארק...

עס שטעהט אויף א געזונטער פראנט מיט געלע וואנסען און פאטאקעוועט איהר מיט א הייזעריגער שטים און מיט א צופריעדען שמייכעלע:

— דאס בין איך.

— שטיל! רעד ווייטער, נאָר קירצער.

— וואס נאָך? יא. איך האָב זיך אויסגעלערנט טרינקען בראָנפען; איך בין איצט אויך שכור, אבער ניט זעהר. וואָס זשע נאָך? יא. עס טהוט מיר זעהר וועה דאָס הארץ.

זי זעצט זיך. דער קעניג הונגער הויבט אויף זיין קאָפ ארויף און רעדט שטיל, צווישען די צעהן:

— איהר הערט, פערפלוכטע!

דער פארזיצענדער.

שטעה אויף, מיידעלע. וואס וואלסטו געוואלט מען זאל זיי טהאָן?

דאס מיידעלע שטעהט אויף און פערריכט דאס קלייד:

— איך וואלט געוואלט, אז זיי זאלען אלע שטארבען.

דער קעניג הונגער בויגט זיך אן צום ט ו י ט:

— דו ביזט צופריעדען?

דער טויט.

— יא — דאָס געפעלט מיר.

דער פארזיצענדער.

איך בין איבערצייגט, אז דאס מיידעלע האָט אויסגעדריקט אונזער אלעמענס וואונש. כדי ס'זאל ניט ארויסקומען (מיט גאוה) קיין יורידישער טעות, וועל איך באלאָטירען די פראגע. ווער עס וויל, אז זיי זאָלען בלייבען לעבען, דער זאָל אויפשטעהען.

אלע זיצען. איין שכור'ער פרופט אויפשטעהען, נאר מען ערקלערט איהם די זאך, בלייבט ער זיצען.

— אזוי. גוט. איצט בעט איך אויפשטעהן די וועלכע זענען פאר טויט.

אלע שטעהען אויף מיט א מאָל, דער קעניג הונגער און דער טויט שטעהען אויך אויף.

— אזוי. אלע זענען אויפגעשטאנען.



א שטרענגע פינסטערע שטים:

— ניין, ניט אלע. אָן יענעם זעהט איהר?

ער ווייזט אן אין ווינקעל אויפ'ן טויטען. אלע קוקען אין יענער זייט אריין. איינגעהאלטענע פינסטערע שטימען:

— ער מוז אויך אבשטימען. טויטע האָבען אויך א שטים. הויבט איהם אויף! הויבט אויף דעם טויטען.

דריי געהען צו און הויבען אויף דעם טויטען און האלטען איהם שטעהענדיגערהייט. אלע שווייגען. דעם טויטענס קאָפּ הענגט אראָב און די קניע זענען געבויגען.

א שטרענגע שטים:

איצט שוין אלע.

דער פארזיצענדער רעדט פייערליך, די האנד אויסגעשטרעקט ארויף:

— פער'משפט צום טויט איינשטימיג. איך בעט זיך זעצען.

דער קעניג הונגער, שטיל צום ט ו י ט:

— הער, דו, דו טאָרסט ניט אויפשטעהן.

דער טויט.

— לאָז צורוה.

דער פארזיצענדער.

כדי מען זאל אבער דערנאָך ניט האָבען צו אונז קיין טענות, אז מיר האָבען געהאנדעלט געגען דער גערעכטיגקייט און האָבען ניט אבגעהיט אלע נויטיגע...

ער האקט זיך איבער. דער קעניג הונגער זאגט איהם אונטער:

— ... פראָצעסועלע פאָרמען...

— יא, איך וויים. אלע נויטיגע פּראָצעסועלע פאָרמען, דעריבער וואָלט איך פאָרגעלעגט וועמען ניט איז פון דער פערזאמלונג, ער זאל אויף זיך נעהמען זיי פערטהיידיגען. ווער וויל?

אלע שווייגען. פערדעכטיג און פינסטער קוקען זיי איינער

אויפ'ן צווייטען. און פלוצלונג שיסען אלע אוים א פרעהליך גע־לעכטער.

שטימען:

— א חכם!
— פערטהיידיג אליין.
— צום טייוועל זיי אלע!
— שטיל! הייסט עס, קיינער פון די פערזאמעלטע...

עס שטעהט אויף אנ'אלטע שבור'ע פרוי.

איך מיין מכח די קינדער. די קינדער וואלט מען ניט געדארפט טויטען.

עס שפרינגט אויף א מאגערער, מיט לאנגע האר, מיט א קורצזיכטיגען ווילדען בליק:

— יא, יא, די קינדער ניט טשעפען, נאכדעם ניט טשעפען די ווייבער. נו וואס זשע וועט זיין? די קינדער וועלען אונטער־וואקסען, די ווייבער וועלען אנפלארען נייע. יא. אט דאס, מוה־מעניו, הייסט הומאניזם; אונז, מוהמעניו, פאסט עס ניט צו דער צורה... די קינדער!
— נו, אז ניט, איז ניט. ווי איהר ווילט. איך האב געמיינט... אפשר זענט איהר טאקי גערעכט. איך ווייס ניט.

עס שטעהט אויף איינער אהן צייהן, א געגאלטער. דאס פנים און דער הוילער שארבען זענען העל־רויט, די נאז טונקעל־בלאה; ער רעדט מיט א גנבה'שער ווייכקייט:

— אלס געוועזענער יוריסט וועל איך מיר פונדעסטוועגען ער־לויבען פארלעגען דער געעהרטער פערזאמלונג אזא מין פאל. עס טרעפט אמאל, אין דער צייט פון די אזוי גערופענע אונרוהען אדער פאלקס־בעוועגונגען, אז א מיטגליעד פון אונזער געעהרטער קאר־פאראציאן בעקומט א נאהענטע קרובה'שאפט מיט איינער פון יע־



נע (ווייזט ארויף) דאמען אדער פריילינס, און דער פועל־יוצא דער־פון איז א קינד. ווי זשע רעכענט די פערזאמלונג זאל מען זיך בע־געהן מיט די קינדער, וועלכע ווערען געבוירען פון אזא אונגליקלי־כען שידוך? טויטען זיי אדער לאזען, ווי זאגט מען עס, אויף זאמען? אויף צו בעפרוכפערען, ווי זאגט מען, די מענשהייט?

דער פארזיצענדער.

דאס איז צום ענין ניט שייך.
— ענטשולדיגט. אלס געוועזענער יוריסט...

ער זעצט זיך.

דער פארזיצענדער.

איצט איז די פראגע וועגען מיטלען. דא האבען מיר, פאטער, ארומגעקלעהרט די פראגע וועגען די מיטלען, ווי צו צערשטערען... וואו זשע איז דער, וואס דארף אויסקוילען א משפחה?
— ער בעט זעהר מען זאל איהם פערצייהען. ער איז אוועק.
— און אקארשט פאר דיין קומען, פאטער, זענען מיר דער־גאנגען צו זעהר א טרויעריגען רעזולטאט: מיר זענען קראפט־לאז!

דער קעניג הונגער.

איהר זענט קראפטלאז?
— יא.
— איהר? ווער זשע איז דאן שטארק, אז ניט איהר, גע־ליעבטע קינדער פון הונגער?
— מיר קענען זיי אבער ניט טהאן אזא שלעכטס, וואס ס'זאל האבען א ממשות.
— איהר? קען דאס זיין? ווייסט איהר דען ניט, אז אפילו איצט, ווען איהר זיצט אזוי רוהיג אין קעלער, זענט איהר די פינסטערניש, וועלכע לעשט זייער ליכט? ווייסט איהר דען ניט, אז אפילו שטארבענדיג, לאזט איהר ארויס פון זיך אזא גיפט, וועלכער פער'סם'ט זיי? אויף אייך איז געבויעט די שטאדט, איהר

זענט דער פונדאמענט פון זייער לעבען, איהר זענט א זומפיגע דעקע און וועלכער עס קלעפען זיך זייערע פיס. א גרויסע פינסטערניש דערהויבט זיך פון אייך, קינדער מיינע, און האפנונגסלאז ציטערען אין דער פינסטערניש זייערע עלענדע ליכטלעך.

דער פארזיצענדער, שטאלץ:

דאס איז ריכטיג.

שטימען:

— דאס איז אבער נאך ווייניג!
— מען דארף פון זיי מאכען אנ'עק!
— פער'סמ'ען דאס וואסער!
— גיעב אונז, אנ'עצה. מיר האבען ארויסגעקוקט אויף דיר. פערלאז ניט דיינע קינדער.
— אז ניט — א כפרה אלצדינג!
— זיי טאנצען, די כלבים!

דער פארזיצענדער.

שטיל זאל זיין!

דער קעניג הונגער שטעהט אויף.

ס'איז אייך ווייניג? איהר זענט ניט צופריעדען? טא הערט זשע, מיינע קינדער: עס גרייט זיך א גרויסער אויפשטאנד!

שטימען:

— אהא!
— אנ'אויפשטאנד!
— א פרעהליכער יום־טוב! חא־א־א־צא!
-- גרייט און שוועבעלעך!
— שוועבעלעך איז וואלוועל!
— א פאלקס־אומגליק. אין אזא צייט צאהלט מען ניט קיין סטראכאווקע.
— פייער!



— ס'וועט זיין ליכטיג! הא־הא!
— שווייגט!
— ווארט אבער צו, מיינע קינדער. ס'וועלען פערשווינדען די קורצע טעג און דער צייט־גייסט וועט ווידער אנהויבען קלינגען אינ'ם גרויסען שטורעם־גלאק. דעמאלט — אין גאס אריין, אין די הייזער אריין!

זיי אכצען אזש פאר שמחה און קריצען מיט די ציינער.

— שווייגט!
— דערווייל קריכט ארויס ביסלעכווייז פון אייערע לעכער. ווי שווארצע שאטענס גליטשט זיך שטילערהייט צווישען פאלק — און פערגעוואלטיגט, הרג'ט, גנב'ט און לאכט, און לאכט! ס'איז שוין גרינגער געווארען צו אטהעמען, עס שמעקט שוין דער ריח פון שריפה, און די חיה קריכט ארויס אויף דער פרייער וועלט — די נאכט איז נאהענט. ווען דער שטורעם־גלאק וועט אנהויבען קלינגען...

א גרויסע אונארדנונג. פרייד־געשרייען, געפילדער, ווילדע פייפעריי. איינער דרעהט זיך ווי א דריידעל, אין ווילדער אויפרעגונג, פאלט אויף דער פאדלאגע און לאכט. ס'לאזען זיך הערען איינצעלנע געשרייען:

— אין גאס אריין!
— אין די הייזער! אין זייערע שלאף־צימער!
— מיר'ן ברענען! ברענען!

א פרעהליכער קוויטש.

— איך וועל עסען א סך.

א לאנגער ווילדער פייף.

— מיר'ן פערברענען די גאנצע שטאדט.
— די ביכער, די ביכער! פאר אלעמען — די ביכער!

✣✣✣✣✣✣✣✣✣✣✣✣✣✣✣✣✣✣✣✣✣✣✣✣✣✣✣✣✣✣✣✣✣✣✣✣✣✣

— מיר׳ן פלעטען די קעפּ.
— ס׳זאָל לעבען דער טויט!

דער טויט שטעהט אויף און פערנויגט זיך מיט אנ׳ערנסטער מינע.

— אהא, פערפלוכטע! דערוואַרט זיך! — זיי טאנצען!
— שוין באלד, שוין באלד.
— אהין, ארויף.

ווי א וואלד פון טרוקענע בוימער הויבען זיך אין דער הויך די דארע דראָהענדע הענד.
מען פייפט.

— דערוואַרט זיך. אהא! שוין באלד, שוין באלד, טאנצט, פערפלוכטע!
— ס׳זאָל לעבען דער טויט!

דער טויט שטעהט ווידער אויף און פערנויגט זיך מיט אנ׳ערנסטער מינע. דאָס געפּילדער איז אביסעל קלענער. דער פאָרזיצענדער, מיט גליהענדע העל־רויטע פלעקען אויף די באקען, דריקט דעם קעניג הונגער די האנד.

— א דאנק, פאָטער.
— א היבש ביסעל בלוט ועסטו פערגיסען, זוהנעניו.
— יא, פאָטער, ניט ווייניג.
— טאנצען!

א פרעהליכער קוויטש:

— איך וועל עסען א סך!
— טאנצען קומט!
— מוזיק אומזיסט.
— דערווײַלע אונטען.
— נאכדעם ארויף אהין!



✣✣✣✣✣✣✣✣✣✣✣✣✣✣✣✣✣✣✣✣✣✣✣✣✣✣✣✣✣✣✣✣✣✣✣✣✣✣

דער פאָרזיצענדער שפּרינגט ארויף אויף א פעסעל און שרייט:
— שטיל זאָל זיין!

ער רעדט ווייטער, מיט א בעריהמערישער גאוה:

— מיינע העררען, אזוי ווי מיר האָבען אומזיסטע מוזיק, לעג איך פאָר צו מאכען א שטיקעל באַל. איך רעכען, אז די דאמען און פריילינס, וואס זענען דאָ, וועלען איינוויליגען אויף מיין פאָרשלאג.

א פרעהליך קוויטשעריי.

— און וואס זאגסטו, טאטע?

דער קעניג הונגער הויך.
יא. זיי טאנצען — לאָמיר אויך טאנצען. לאָמיר צונויפגיסען אונזער פרעהליכקייט מיט זייערער — זאל טאנצען די גאנצע ערד! טאנצט, קינדער!
— טאנצען! נעהמט די דאמען!
— זאָל דער פאטער דיריזשירען.
— פאטער, פאטער!
מען לאכט. מ׳האָט ארומגערינגעלט ד ע ם  פ א ט ע ר. ער לאכט אויך און זאָגט זיך אלץ אָב מיט א גוטמוטיגער מינע. עס קומט אוים עפּים ווילד־עהנליך צו א געוועהנליכער בעל־הבית׳ישער חתונה.

— איך קען אבער גאר ניט טאנצען. אויף מיין וואָרט! וואַרט אוים, וואַרט נאָר אוים, וואוהין שלעפּט איהר דעם אלטען.
— קום! פאטער! פאטער!
— אפשר וועט ער? — ער ווייזט אויפ׳ן  ט ו י ט.

דער טויט, (בייז:)

לאָז מיך צו רוה!
— טאטינקע, הארציגער, נו קום זשע, טהו אונז צוליעב!
— נו, גוט. פאר א דאמע ווילסטו געהן?

דער טויט.

דאַס — יא.

די מוזיק אויבען שפּיעלט א קאדריל. מען שטעלט זיך אוים פּאַרוויז. דער קעניג הונגער מיט'ן טויט.

דער קעניג הונגער.

Retournez. La premiere figure! Commencez.*)

דער טאנץ פונ'ם טויט.

אלע טאנצען שקציש, מיט משונה'דיגע העווית, מיט ווילדע אויסגעשרייען; מען טופּעט שטארק מיט די פים. דער טויט מאכט פריהער א ביסעל חן און לעגט מאט זיין קאָפּ אויפ'ן אקסעל פונ'ם קאוואליער, ביסלעכוויז ווערט ער אויפגעלעגט און הויבט אָן קאנקאנירען.

דער קעניג הונגער.

טויט, א סאָלאָ!

אלע בלייבען שטעהען, לאכענדיג, און דער טויט הויבט אָן טאנצען אליין. מיט אנ'ערנסטען אונבעוועגליכען פּנים, די ווייסע צייהן אויסגעשטעלט, שטעהט ער אויף איין אָרט און מאכט מיט די פים צוויי דריי בעוועגונגען און מיט'ן קערפּער א פּריסאדקע; קענטיג, ער איז פרעהליך־לעבעדיג. דעם קאָפּ דרעהט ער קאָקעטיש און לאַנגזאם פון איין זייט אויף דער צווייטער, אקוראט ווי ער בעגיסט אלעמען מיט'ן טויטען ליכט פון זיינע ווייסע אויסגעשטערעטע צייהן. פון אָנפאנג קוקען אויף איהם אלע מיט געלעכטער און אפּלאָדירען צוביסלעך, אבער וואס ווייטער פערכאַפּט זיי אלע מאָל מעהר א אונבעשטימטער שרעק און לעשט אוים אלע שטימען. ס'ווערט שטיל. פּלוצלונג פלאמט אויף אין ווינקעל א צאנקעריי. מען שרייט; דער פאַרזיצענדער, מיט כעס:

*) אויסקירעווען זיך. די ערשטע פיגור! הויבט אָן.



— לאָז אב מיין דאמע!
— דא איז ניטא קיין „מיין דאמע".
— אוועק פון דאַנען.
— שלאָגען גאָר. — אהא, אזוי איז די מעשה! — דו ווערסט געטויט. ווער איז דאס? ווארט! ווארט!

אנ'אלגעמיין געשלעג. הויכע קרעכצען און קללות. עמיצער פאלט שווער צו דער ערד. פון צווישען דעם עולם געהט ארוים דער פאַרזיצענדער מיט בייז־אויסגעשטערעטע צייהן, אין דער האנד א מעסער. ער קוקט זיך אום.

— נו, ווער וויל נאָך? קומט אהער.
— א נאר וועל איך זיין?
— ועמען איז דאָס, הא?

דער קעניג הונגער, ווי אנ'עלטערער צו א יונגערן.

גאָר די אייגענע, ווי קומט דאָס?

דער פאַרזיצענדער מיט א בלאסען שמייכעל:

ס'איז דען דאָ אייגענע?

דער טויט, מיט א פינסטערער מינע:
יא — מען לאָזט אפילו ניט געהן א טענצעל.

געשרייען:
טאנצען! שלעפּט איהם אָן א זייט. אָ־האָ־האָ־האָ!

אונאָרדנונג, אונזיניגע אויסגעשרייען, א געפּילדער, א ווילדע, לאַנג־דויערנדיגע פּייפעריי.

דער פאָרהאנג פאלט.

# דאָס דריטע בילד.

## דער משפט איבער די הונגעריגע.

דער אויסזעהען פון א געריכטס־זאל. לינקס, אביסעל אָן א זייט, זיצען ביי'ם טיש די ריכטער, אזוי אז די צושויער קענען נאר זעהען זייער פּראָפיל. דער טיש שטעהט אויף א בימה און איז איבערגעדעקט מיט שווארצען געוואנט; די סימבאָלען פונ'ם משפט: א נאקעטער אבגעניצטער שארבען, אביסעל פערקאפּעט מיט טינט און מיט חלב, א קליינע נאָכגעמאכטע ענגלישע תליה, און א הויכע פּיערעקעדיגע קוואַרט־בוטעל מיט בלוט־רויטען וויין. ר י כ ט ע ר איז פאראן פינף, פּאָרזיצענדער איז דער קעניג הונגער; אנגעטהאָן זענען אלע ריכטער אין שווארצע לאנגע מאנטלען און גרויסע געפּודרעטע פּארוקען. די צוויי, וואס זיצען רעכטס און לינקס פונ'ם קעניג הונגער, זענען אויסערגעוועהנליך לאנג און מאָגער, מיט לאנגע אומגעלומפּערט אויסגעצויגענע פּנים'ער; די מיילער זייערע זעהען אויס ווי אנ'איבערגעקעהרט V די איבעריגע צוויי זענען אויסערגעוועהנליך ריק, ווי די פּעסלעך, שלעפעריג, און מיילער האָבען זיי קיילעכדיגע, ווי דאָס מויל פון א פערשנורעוועט בייטעלע.

אונטען, בי א טישעל, זיצט איינגעבויגען דער סעקרעטאר מיט אן אונגעוועהנליך גרויסער געגזענער פּעדער. ביי דער הינטערשטער וואנד, אויף א בימה, שטעהט א שטענדער, און פאר איהם זיצט אונבעוועגליך דער טויט.

דער גאנצער רעכטער ווינקעל פון דער סצענע, נעהענטער אהער, איז אבגעטהיילט פון די ריכטער דורך א נידעריגע פּאַ־





רענטשע; דאָרט, אויף בעקוועמע בענק און פאָטעלען, זיצען די צ ו ש ו י ע ר אלע אנגעטהאן ווי אויף א באל: די פרויען אין רייכע קליידער, שטארק דעקאָלטירט, אויסגעפּוצט אין ציהרונג: דימענטענע בראָשען, בריליאנטענע דיאַדעמען, גאָלד; ביי אייַנער, דער מיליאנערשע, זענען די פינגער בעדעקט מיט פינגערלעך ביז די נעגעל; נאָר איין מיידעל איז אנגעטהאן איינפאך, הגם אויך דעקאָלטירט, אין א שווארץ קלייד אָהן א שום פערציהרונג.

די ווייבער בכלל זענען שעהן און ליטער, אחוץ צוויי אלטע, וואָס זענען אויך פּרעכטיג געקליידט, איינע פון זיי אין העל־רויטע קליידער.

די מענער זענען אנגעטהאָן אין פראקען און סורדוטען, ריין אבגעגאָלט און פערקאמט ביי'ם פאריקמאכער; זיי זענען זויבער און פיין. ד ע ר פ ּר אָ פ ע ס אָ ר, צום ביישפּיעל, האָט גראָהע לאָקען, ווייסע ווי שנעע, און זעהט בכלל אויס ווי א פּאַטריאַרך. ס'איז פאראן דיקע; איינער פון זיי, מיט אן אונגעהייער גרויסען בויך, קריכט קוים אריין אין פאָטעל, און אלע ווײלע ווערט ער אנשלאָפען. פאראן דריי יונגע לייט: איינער, א נארישער, מיט א מאָנאָקל און מיט אנ'אויסדרוק פון ענטציקונג אויפ'ן פרישטשעוואטען פּנים; דער אנדערער, א גלייכגילטיגער, מיט אזא מינע, אקוראט ווי ס'האָט איהם שוין אלצדינג דערעסען; דער דריטער, מיט געדיכטע שווארצע האָר, מיט א דעמאָנישען אויסזעהען און מיט א שטעמפּעל פון וועלט־שמערץ אויפ'ן פּנים.

די אלע אייגענשאפטען: מאָגערקייט און פעטקייט, שעהנקייט און מיאוס'קייט, זענען ענטוויקעלט ביז'ן העכסטען גראד.

ווען דער פאָרהאנג ווערט אויפגעהויבען, שטעהט אויף פון זיין אָרט דער קעניג הונגער און נאָך איהם די איבעריגע ריכטער און פערנייגען זיך מיט אָבשיי פריהער פאר'ן טויט, וועלכער טהוט בייז א שאָקעל מיט'ן קאָפּ, נאכדעם פאר די צושויער.

דער קעניג הונגער.

געעהרטע דאמען און הערען! ערלויבט מיר צו בעגריסען

איך אין דעם דאָזיגען זאַל פון גערעכטען משפט. לויט אייער ווי־לען, וועלכער איז פאר אונז א געזעץ...

ער פערנייגט זיך און קוקט אויף זיינע חברים, — יענע פער־נייגען זיך איינער נאכ'ן אנדערען און זאָגען־נאָך יעדערער בע־זונדער:

— א געזעץ.
— א געזעץ.
— א געזעץ.
— א געזעץ.

דער קעניג הונגער רעדט ווייטער:

... וועלכער איז פאר אונז א געזעץ, האָבען מיר זיך פערזאַ־מעלט אהער, כדי צו משפט'ן די הונגעריגע. צוליעב דעם האָבען מיר אנגעטהאָן מאַנטלען און פּאַרוקען, אוועקגעשטעלט א טיש, ארויפגעקראכען אויף א בימה און אונטען אוועקגעזעצט א סעקרע־טאַר מיט א גרויסער געגזענער פעדער. (ד ע ר ס ע ק ר ע ט א ר פערנייגט זיך שנעל.) ער איז א געדונגענער, און אָבוואָהל קיין שטימע ביי'ם משפט'ן האָט ער ניט, נאָר טעות'ן אין די פּראָטאָ־קאָלען מאכט ער ניט זעלטען. עס טרעפט אמאָל, אז פון די דאָזיגע טעות'ן האָבען מיר גרויסע עגמת־נפש, אמאָל אבער טרעפט — ווייל אלצדינג טהוט זיך אויף ד ע ר וועלט מיט נסים — (דער גלח, וועלכער זיצט צווישען די צושויער, גיט א פרומען זיפץ און הויבט אויף די אויגען צום באַלקען.) — אז די טעות'ן ווערען א קוואַל פון נייעם רעכט. וואס דאס הייסט, וועט איך, מיינע דאַ־מען, ערקלערען דער הערר פּראָפעסאר, וועלכען איך האָב די עהרע צו זעהען אין אייער געשעצטער געזעלשאפט. איצט ווע־לען מיר זיך נעהמען צום משפט.

זיי זעצען זיך.

— פיהרט אריין דעם ערשטען הונגעריגען.



די צושויער רעדען צווישען זיך.

— ווי גרויסאַרטיג!
— אין די מאַנטלען און די פּאַרוקען זעהען זיי אויס אזוי שטרענג. ס'איז זיי גאָר ניט צו דערקענען.
— אזוי דארף מען. פאר'ן משפט מוז מען האָבען דרך־ארץ.
— מאַמע, צו וואס דארף מען דעם שאַרבען און די תליה?

ד ע ר פּ ר א פ ע ס א ר: דאס איז סימבאָלען, מיין קינד. אין ענגלאַנד...

— זעהט, ס'אַרא נאָז אָט דער ריכטער האָט, פּונקט ווי דער עק פון א הינטישען ווײדעל. אויף מיין וואָרט, ער האָט איהם אב־געלעקט מיט דער צונג.
— איהר זענט א ליץ, יונגער מאַן. אין אייערע יאהרען דארף מען האָבען אָבשיי פאר דעם געריכט.
— איך זאָג דען, חלילה, עפּים געגען דעם געריכט. איך זאָג נאָר, אז ער האָט אזא שעהנע נאָז!
— ס'איז ניט וויכטיג, וואָס פאר א נאָז דער ריכטער האָט. ס'איז וויכטיג, אז ער זאָל משפט'ן מיט גערעכטיגקייט און ניט שוינען די הונגעריגע.
— אז ניט ווע־לען מיר נעהמען אנדערע. זיי ווייסען דאָס.
— דעם געריכט דארף מען אבגעבען כבוד.
— דער געריכט — דאָס זענען מיר. דעם געריכט דארף מען אבגעבען כבוד.
— אַי איז דאָס אינטערעסאַנט! פּונקט ווי א טהעאַטער.

דער דיקער (ערוואכט פון שלאָף):

דעם וויפיעלטען משפט מען?
— נאָך ניט אנגעהויבען, אייער עקסעלענץ.
— וואס זשע מאַכען זיי שיהות!
— מען פיהרט! — מען פיהרט! — אַי איז דאָס אינטע־רעסאַנט! ס'אַרא צורה! — מאַמע, ער בייסט ניט? — האָב ניט

מורא, מיין קינד, ער געהט אין א שטארקען מויל־שלאָס. הערט! — הערט! — אי, ווי אינטערעסאנט!

מען פיהרט אריין דעם ערשטען הונגעריגען — אנ׳אבגעריסע־נעם אלטען מיט קראנקע פיס. אויפ׳ן פנים א דראָטענער מויל־שלאָס.

### דער קעניג הונגער.

טהוט אויס דעם הונגעריגען דעם מויל־שלאָס. — הונגעריגער, וואס האָסטו געטהאָן?

דער אלטער (רעדט מיט א שוואך קול): גע׳גנב׳ט.

— וויפיעל האָסטו גע׳גנב׳ט?

— איך האָב גע׳גנב׳ט א ברויט פון 5 פונט, נאָר מ׳האָט עס ביי מיר אבגענומען. איך האָב אבגעריסען נאָר א קליין שטי־קעלע. זייט מיר מוחל, איך וועל שוין מעהר ניט.

— וואס זשע, — האָסט בעקומען א רייכע ירושה? אדער ווילסט שוין ניט עסען?

— ניין, איך וויל. מ׳האָט עס אבגענומען. כ׳האָב אבגעבי־סען נאר א קליין שטיקעל...

— איז ווי אזוי וועסטו מעהר ניט גנב׳נען? פאר וואס האָסטו ניט געארבייט?

— ניטאָ קיין ארבייט.

דער פערהער ציהט זיך ווייטער. די צ ו ש ו י ע ר רעדען צווישען זיך.

— אזא אומגליקליכען משפט מען נאָך! מיין נשמה קאָכט אין מיר פאר צאָרען און פעראכטונג צו דער מענשהייט...

— לאָז צורוה. וואס געהט דאָס דיך אָן.

— אבער בעטראכט זיך נאָר!

— דו פריזירסט דיינע האָר, אדער זיי גרייזלען זיך פון זיך?

— אביסעל.

— און ביי מיר קריכען אויס די האָר. בעטראכט נאָר: סך־הכל בין איך אלט 24 יאהר!



ד ע ר פ ר א פ ע ס א ר: דאָס שטראָף־רעכט, געעהרטע פרוי, ווערט געטהיילט אויף צוויי טהייל: דעם ערשטען און דעם צווייטען. אין דעם ערשטען רעדט זיך וועגען פערברעכענס בכלל, און איך מוז מודה זיין, אז דער טהייל איז זעהר ווייניג בעארבייט.

— א שאָד, כלעבען! פאר וואס זשע בעארבייט מען איהם ניט?

— ווייל די וויסענשאפט איז נאָך עד היום ניט דערגאנגען, וואס איז דער עצם פון א פערברעכען. דערפאר אין דעם צווייטען טהייל, וואו עס רעדט זיך וועגען איינצעלנע פערברעכען און וועגען די שטראפען, וואס ס׳קומט פאר זיי...

### דער קעניג הונגער.

וואו זשע זענען דיינע קינדער, הונגעריגער? פאר וואס האלטען זיי דיך ניט אויס?

— זיי זענען געשטארבען פאר הונגער.

— פאר וואס זשע ווילסט דו ניט שטארבען פאר הונגער, ווי דיינע קינדער?

— איך ווייס ניט. עס ווילט זיך לעבען.

— צו וואס דארפסטו לעבען?

### שטימען:

— יא, טאקי אמת, צו וואס דארפען זיי לעבען? איך פער־שטעה ניט.

— כדי צו ארבייטען.

— און אז ס׳איז ניטא שוין קיין ארבייט? מיר קענען זיי דאָך ניט שטענדיג פערזארגען מיט ארבייט!

— כדי צו לויבען זיין ליעבען נאָמען און גלויבען, אז דאָס לעבען...

— ס׳איז א גרויסער ספק, צי זיי לויבען זיין ליעבען נאָמען.

— ס׳וואלט געווען בעסער, ווען ער וואָלט געשטארבען.

— ער וואָלט געמעגט זיין אינטערעאסטנער, דער אלטער תרח. זעהט נאָר, וואס פאר הויזען!

— הערט! .הערט!

דער קעניג הונגער שטעהט אויף, הויך:

איצט, מיינע הערען, וועלען מיר מאכען א מינע, אז מיר קלערען. איך בעט די הערען ריכטער מאכען אזא מינע, ווי איינער וואס קלערט.

אלע ר י כ ט ע ר מאכען א מינע, ווי זיי קלערען: זיי קנייטשען די שטערענס, קוקען צום באלקען, שפּארען אונטער די נאָז מיט א פינגער, הכלל — מען זעהט אז זיי סטארען זיך. דאס דויערט א שטיקעל צייט. אלע שווייגען מיט אבשיי. אינמיטען דעם שווייגען, זעהר פייערליך און מיט ערנסטע פנים'ער, שטעהען די ריכטער אויף און קירעווען זיך אלע אוים מיט'ן פנים צום טוים. זיי פערנייגען זיך אלע פאר איהם זעהר נידעריג, ציהען זיך ממש אוים אנטקעגען איהם.

דער קעניג הונגער, איינגעבויגען:

ווי איז אייער הויכגעשעצטע מיינונג...

דער טויט שטעהט שנעל אויף, גיעט א קלאפּ ברוגז מיט'ן פויסט איבער'ן טיש און זאגט מיט א גרילצענדיג קול:

— פער'משפט — אינ'ם טייוועל'ס נאָמען!

ער זעצט זיך פונקט אזוי שנעל, ווי ער איז אויפגעשטאנען, און בלייבט זיצען אונבעוועגליך־בייז. ד י ר י כ ט ע ר זעצען זיך אויך.

דער קעניג הונגער.

הונגעריגער, דו ביזט פער'משפּט.

— האָט רחמנות.

— טהוט איהם אָן דעם מויל־שלאָס. פיהרט אריין דעם צווייטען הונגעריגען.



בעת מען פיהרט ארוים דעם הונגעריגען, דריקען די צושויער אוים זייערע געפיהלען אין פאלגענדע ווערטער:

— וואס טויג איהם לעבען?

— בעסער שטארבען.

— זאָגט דאס איהם.

— שטאַרב, אלטער, שטאַרב.

— שטאַרב, אלטער, שטאַרב.

אלע שעפּטשען שטיל, מאכענדיג מיט די הענד, אקוראט ווי מען פערשלעפּערט עמיצען:

— שטארב, אלטער, שטארב. שטארב, אלטער, שטאַרב. שטארב, שטארב, שטארב!..

מען פיהרט אריין א נייעם הונגעריגען. פרעהליכע שטימען:

— מען פיהרט! מען פיהרט!

— א געזונדע חיה!

— יאָ, דא שמעקט שוין מיט א מאָרד!

— בעטראכט נאָר זיין שטערען.

— אַי, שרעקליך!

—איהר זענט צו עדעל, מיין קינד.

— שטילער.

מען פיהרט שנעל אריין דעם נייעם הונגעריגען און מען טהוט איהם אוים דעם מויל־שלאָס. דאס איז א געזונטער יונג מיט א נידעריגען אָקסענעם שטערען; זיין ברוסט איז האלב נאקעט; ער קוקט כמורנע, פערדעכטיג.

דער קעניג הונגער.

וואָס האָסטו געטהאָן, הונגעריגער?

— איך האָב פערגעוואלטיגט א פריילין אין וואלד.

אנ'אויסדרוק פון שרעק און אנגענעהמער אויפרעגונג.

— ס'ארא שרעק!
— איז דאס א חיה!
— דאס פערכאפּט מיך אויך.
— א שאנדע פאר דער מענשהייט אזוינע מענשען.
— וועלכער?

דער קעניג הונגער.

פאר וואס האָסטו דאס געטהאָן?
— חתונה האבען פאר מיר וואָלט זי דאָך ניט געוואלט. און איך האָב צו איהר געהאט יצר־הרע.
— פאר וואס האָסטו זיך ניט בעגנוגענט מיט די ווייבער פון דיין גראד?
— אונזערע ווייבער זיינען פערגרעבט און מיאוס פון הונגער און ארבייט. און די איז געווען א צאַרטע און א דינע, מיט ווייסע הענד. א קינד וועט זי האָבען?
— ניין, מיר האָבען אָנגעווענדט קינסטליכע מיטלען און עס אבגעטריעבען.
דער הונגעריגער, פינסטער: ממזר'ש אבגעטהאָן.
— מיט וואס קענסטו זיך פערענטפערען, הונגעריגער?
— ...די פערברעכערישע אָנפאלען אויף די פרויען־עהרע טהיילען זיך...
— אָך, ווארט נאָר אוים אביסעל, העדר פראָפעסאר, דאס איז אזוי אינטערעסאנט.
— זיך פערענטפערען? ווען איך וואלט געקענט, וואלט איך פערגעוואלטיגט אָט די און אָט די. יענע אלטע אין רויטע קליידער וואָלט איך ניט געטשעפּעט, זאל זי בלייבען פאר אייך.

די אלטע פאלט חלשות אויף א קורצער צייט. אלע זענען אויפגערעגט.

— ס'ארא שרעק! דאס איז אנ'אמת'ע חיה!



— מיך אויך! איהר האָט געזעהען, ער האָט אנגעוויעזען אויף מיר. ער וואָלט א בעלן געווען מיך פערגעוואלטיגען.
— איהר האָט א טעות. ער האָט אנגעוויזען אויף מיר.
זיי קריגען זיך. דאס מיידעל אין שווארצע קליידער, וועלכע האָט די גאנצע צייט געשוויגען, שטעהט אויף פלוצים און זאָגט הויך, מיט עקשנות:
— פאר וואס רעכענסטו, אז זי וואָלט פאר דיר ניט חתונה געהאט. איך וואָלט פאר דיר יא חתונה געהאט, ס'קען זיין.

דער הונגעריגער, (פינסטער):

— קוק זיך איין אביסעל בעסער.
— ביזט גערעכט: איך וואלט פאר דיר ניט חתונה געהאט. ביזט צו־גראָב.
— אָט אזוי זשע רעד. און איך וואלט דיך דוקא פערגעוואלטיגט.
— ניין, גיכער געטויט.
— יא — געטויט אויך.

דאס מיידעל זעצט זיך. דער יונגערמאן מיט דעם דעמאָנישען אויסדרוק קוקט אויף איהר צערטליך, זי מאכט זיך אבער ניט וויסענדיג. די צושויער בעטראכטען זי אביסעל דערשראָקען.
— אָהאָ! וואס זאגט איהר!

דער קעניג הונגער.

הערדען ריכטער, איך בעט מאכען א מינע, ווי איינער וואָט קלערט.

עס חזר'ט זיך איבער די פריהערדיגע סדרה, מיט דער איינענער פייערליכקייט און מיט דער אייגענער פערנייגונג פאר'ן טויט. דער טויט שפּרינגט אויף, קלאַפּט מיט'ן פויסט איבער'ן טיש.

— פער'משפט — אינ'ם טייוועל'ס נאָמען!

דער הונגעריגער צום מיידעל:

— אליין אין וואלד זאלסטו ניט געהן.

— טהוט איהם אן דעם מויל־שלאס. פיהרט אריין דעם נעכסטען הונגעריגען.

מען פיהרט אריין א הונגעריגע. דאס איז א יונגע פרוי, א שלאנקע, נאר זעהר א מאגערע, מיט א בלייכען, טראגישען פנים. זי האט שווארצע דינע צונויפגעוואקסענע ברעמען, און געדיכטע לאנגע האר, וועלכע זענען קוים פערפלאכטען און פאלען איהר אראב אויף דער פלייצע. די פרוי פערניינט זיך ניט און קוקט זיך ניט ארום, אקוראט ווי זי זעהט ניט קיינעם. רעדען רעדט זי רוהיג און קאלט, מיט א טויטער שטים.

— וואס האסטו געטהאן, הונגעריגע?

— געטויט מיין קינד.

...ס'ארא שרעק! די דאזיגע פרויען האבען גאר ניט קיין מוטערליכע געפיהלען.

— וואס רעדען האט איהר געמיינט. ווי קומט צו זיי אזוינע געפיהלען.

— ווי שעהן זי איז. עפים טראגישעס איז אין איהר פאראן.

— טא האב מיט איהר חתונה.

...קינדערמארד האט זיך אין אלטערטהום פאר א פערברעכען ניט גערעכענט, מ'האט געקוקט דערויף ווי אויף א נאטירליכען רעכט פון די עלטערען. נאר זינט מ'האט אריינגעפיהרט הומאניזם אינ'ם רעכט...

— ווארט אקארשט, הערר פראפעסאר, לאזט הערען!

— ס'איז דאך וויסענשאפט, מיין קינד...

דער קעניג הונגער.

דערצעהל, הונגעריגע, ווי אזוי דו האסט עס געטהאן.

מיט אראבגעלאזענע הענד, אונבעוועגליך, רעדט די פרוי מיט איהר רוהיגער טויטער שטים.



— איך בין געגאנגען מיט מיין מיידעלע ביינאכט איבער'ן טייך אויף א לאנגער בריק. אזוי ווי איך האב דאס געהאט שוין בעשלאסען פון פריהער, האב איך אינמיטען בריק, וואו דאס וואסער איז טיעף און שנעל, געזאגט צו מיין קינד: טעכטערעל, זעה ווי ס'רוישט אונטען דאס וואסער. זי האט געענטפערט: איך וועל ניט דערלאנגען, מאמע, די פארענטשע איז צו הויך. האב איך געזאגט: לאז, כ'וועל דיך אויפהויבען, טעכטערל. און ווען זי האט אנגעהויבען קוקען אראב, אין דעם שווארצען תהום, האב איך זי אריבערגעווארפען אהין. ווייטער גארניט.

— זי האט זיך ניט אנגעקלאמערט מיט די הענד?

— ניין.

— געשריען?

— יא, איין מאל געגעבען א געשריי.

— ווי אזוי האט זי געהייסען?

— טעכטערל.

— ניין, דער נאמען. ווי האט זי געהייסען?

— טעכטערל.

דער קעניג הונגער פערשטעלט דאס פנים מיט די הענד און רעדט מיט אביסעל א ציטערדיגען דומפען קול:

— העררן ריכטער, איך בעט אייך מאכען א מינע, ווי איינער וואס קלערט.

די ריכטער קנייטשען די שטערענס, קוקען צום באלקען מאכען מיט די ליפען. אלע שווייגען מיט אבשיי. נאכדעם שטעהען זיי אויף און פערנייגען זיך נידעריג פאר'ן טויט.

דער טויט.

— פער'משפט — אינ'ם טייוועל'ס נאמען!

דער קעניג הונגער שטעהט אויף און רעדט הויך, אויסשטרעקענדיג זיינע הענד צו דער פרוי, אקוראט ווי ער פערדעקט זי מיט א אונזיכטבארען שווארצען דעקטוך:

— ביזט פער’משפט, יונגע פרוי, הערסט? דו וועסט געהען צום טויט. וועסט אריין אין גיהנם און וועסט דאָרט ברענען אויף אנ’אייביגען פייער, וועלכער ווערט ניט פערלאָשען! דיין הארץ וועלען שדים רייסען מיט אייזערנע נעגעל. דיין מארך וועלען נאָגען די אונטעראירדישע גיפטיגסטע שלאנגען, און וועלען איהם בייסען, און וועלען בייסען, און קיינער וועט ניט הערען דיין געשריי, ווייל דו וועסט שווייגען. זאל זיך אויסציהען איבער דיר אנ’אייביגע נאכט. דו הערסט, הונגעריגע?

— איך הער.

— טהוט איהר אָן דעם מויל־שלאָס.

— ווארט אוים!

דאָס רעדט דאס מ י י ד ע ל א י ן ד י ש ו ו א ר צ ע ק ל י י ד ע ר. זי געהט שנעל צו צו דער הונגעריגער און שטרעקט איהר אוים די האנד.

— גיב מיר דיין האנד, אומגליקליכע.

— איך וויל ניט. איך פעראכט דיך.

— מיך?

— יא, דיך. דו וועסט זיין אין גן־עדן.

— מיך פעראכסטו? דו, מערדערין?

זי בלייבט שטעהען מיט אנ’אויסגעשטרעקטע האנד, פערווארפט דעם קאָפּ און שרייט צאָרענדיג, ווי ניט אין זיך:

— דאָן פיהרט זי אין גיהנם!

אלע שרייען. עס הערען זיך פונ’ם טומעל איינצעלנע שטימען:

— אין גיהנם אריין! אין גיהנם!

— זאלען זיך שדים מיט דיר שפּיעלען!

— אין גיהנם!

— רייסט איהר, שדים, דאס הארץ מיט אייזערנע נעגעל!

— ווערגט זי, שלאנגען!

— בייסט זי! בייסט זי! גראבט זיך ארײן אין איהר מארך! רייסט איהר דאָס הארץ!



אהא־האָ־האָ־האָ!

אין העכסטער אויפרעגונג מאכען זיי צו דער פרוי מיט די הענד.

דער קעניג הונגער (מיט א בעפעהלענדער שטים):

— שטילער! (און צו דער פרוי, וועלכע שטעהט אָהן בעוועגונג, זאגט ער פריינדליך): געה, מיין טאָכטער.

די הונגעריגע פיהרט מען אוועק. דער קעניג הונגער ווענדט זיך צו די צושויער מיט זעהר א פרעהליכער לעבעדיגער שטים:

— איצט, מיינע הערען, וואלט איך פאָרגעלעגט מאכען א הפסקה און אָבעסען. משפּט מאכט מיעד און מען מוז עפּים איבערכאַפּען, כדי מען זאל האָבען מעהר כח. (זעהר העפליך) בעזאנדערס די דאמען און פריילינס. זייט זשע מוחל!

פרעהליכע אויסגעשרייען:

— עסען! עסען!

— שוין צייט!

— מאמע, וואו זענען די קאָנפעקטען?

— דו וואלסט א בעלן געווען נאר כסדר קאנפעקטען!

— וועלכען...

— מען רופט עסען, אייער עקסעלענץ.

— חחח! פאר וואס זשע האָט מען מיך פריהער ניט אויפגעוועקט?

פלוצלונג ווערט אין זאל אזוי לעבעדיג, פריינדליך, ווי אין דער היים. די ר י כ ט ע ר טהוען אוים זייערע פּאָרוקען, דעקען אָב די הוילע קעפּ און מישען זיך ביסלעכווייז אריין צווישען עולם; זיי דריקען זייערע בעקאנטע די הענד און קוקען פון דער זייט, אביסעל קאָסע, אויף די צושויער וועלכע עסען — כלומר’שט אהרט דאָס זיי ניט. געזונטע לאָקייען אין אויסגענעהטע דיענסט־קליידער, איינגעבויגען אונטער דער שווערער משא, טראָגען אריין אונגעהייערע טעלער מיט ריעזיגע פּאָרציעס: גאנצע געבראָטענע

✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠

שאף, גרויסע חזר'שע זייטען, ראָסטביפען ווי די בערג. פאר דעם דיקען שטעלט מען אויף א נידעריג ביינקעלע א גאנצען געבראָטענעם חזיר, וועלכע ס'האָבען אריינגעטראגען הריי דיענער. ער קוקט אויף איהם מיט צווייפעל.

— אפשר וועט איהר מיר העלפען, הערר פראָפעסאר?
— מיט פערגעניגען, אייער עקסעלענץ.
— און איהר, הערר ריכטער?
— כאָטש איך בין ניט הונגעריג, נאָר אויב איהר ווינשט...
— אפשר וועט מיר אויך זיין ערלויבט... — זאגט מיט עניוות דער גלח, שלינגענדיג דאָס שפייעכץ. אלע פיער זעצען זיך ארום דעם חזיר און שניידען פון איהם פאסען מיט גרויסער גיערינקייט. אָפטמאָל בעגעגענען זיך דער פראָפעסאר און דער גלח מיט זייערע בליקען, דעמאָלט הערען זיי אויף צו קייען און בלייבען זיצען מיט אנגעשטאָפּטע באקען, ווי פערגליווערט פאר גרויס האָס און פעראכטונג איינער צום צווייטען. נאכדעם קייען זיי מיט נייער התמדה און ווערגען זיך.

אלע צוגעהען זיך אין פערשיעדענע קרייזלעך. דער טויט האָט ארויסגענומען פון דער קעשענע א טרוקען שטיקעל ברויט מיט קעז און עסט איינער אליין.

א לאנגזאמער שמועס מיט אנגעשטאָפּטע באקען. מען קייעט געשמאק.

— נאָך א שטיקעלע, לאָזט זיך ניט בעטען. אזוי בע'טעמ'ט.
— ווי אויף א פיקניק. א וואוילער בחור — דער הונגער.
— א גוטען חלק האָבען מיר איהר אריינגעלעגט.
— זי איז אבער פאָרט שעהן.
— ראָסטביף דארף מען עסען מיט בלוט. דאס איז...
— מאמע, פאר וואָס משפט מען זיי ניט אלע צוזאמען?
— איך ווייס ניט, מיין קינד, פרעג דעם פראָפעסאָר.
— הערר פראָפעסאר!



✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠

— ה־ם?
— הערר פראפעסאר!
— ה־ם?
— וואו זשע איז מיין סערוועטקע אהינגעקומען!
— מיינע העררן, א גנבה: ביי'ם גענעראל האָט מען ארויסגע'גנב'ט די אריינגעשטעלטע צייהן.

א געלעכטער. מען קייעט מיט חשק. צום קעניג הונגער, וועלכער שטעהט אָן א זייט, געהען צו דער ערשטער ארבייטער און דער חוליגאן — דער פאָרזיצענדער. זיי זענען פיין געקליידעט; די גאנצע צייט זענען זיי געזעסען אויף א הינטערשטער באנק, אזוי אז קיינער האָט זיי ניט בעמערקט.

## דער ארבייטער.

ס'א מין פרעסען! קעניג, ווי קומסטו צו זיי? איך פערשטעה גאָר ניט. דו פערראטסט אונז? געדענק!

## דער חוליגאָן.

אָט דאָס איז דיין משפט, פאָטער? (צאָרענדיג) ווילסט איך זאל דיר דאָ אויפ'ן אָרט איבערשניידען דעם גאָרגעל?

## דער קעניג הונגער.

איהר זענט ביידע בלינד. ס'איז ניט מיין משפט. ס'איז א משפט איבער מיינע קינדער.

— דו ביזט דאָך אבער פאָרזיצענדער!
— איהר פערשטעהט דען ניט, וואס איך טהו? איהר זעהט דען ניט, אז יעדערער, ווער ס'איז דא איינמאָל געווען, וועט זיי שוין אייביג זיין א בלוטיגער שונא. איך מאָך זיי פערדאָרבען, איך לערען זיי אוים צו טהאן די העסליכסטע מעשים. אין די טיעפסטע טיעפענישען פון זייער לעבען קריך איך אריין, מאָך זיי פויל און צערשטער זיי. זיי האָבען שוין אויפגעהערט פערשטעהען,

וואס איז אזוינס אמת, — ס'איז דאָך קלאָר, אז דאָ הויבט זיך אָן דער טויט. דו פערשטעהסט דאָס ?

— דו טהוסט דאָס אבער ווי א משרת !

## דער קעניג הונגער, צאָרענדיג :

שטילער, מיין זוהן ! בעליידיג ניט דעם, וואס איז אומגליקליך. (געלאָסענער) בעטראַכט דיך אליין, איז דען דעריבער, וואס מיר משפט'ן, וועניגער געוואָרען גנבות, געוואלט־מעשים, רציחות ? פערקעהרט, עס ווערט אלע מאָל מעהר. פרעג אקאָרשט זייער פראָפעסאָר, אָן דאָרט . . .

— איך פערשטעה דאס ניט. איך זעה נאָר, ווי אונזערע אייגענע . . .

— דו האָסט דאָך ניט קיין אייגענע !

— ס'איז אמת, פאטער, אז יענע פרוי וועט זיין אין גיהנם ?

— יא. דו אויך.

## דער חוליגאַן וויינט.

— דו וויינסט ? דו, מיין זוהן, וויינסט ?

— פאטער, פאטער ! איך האָב נאר א מעסער. וועמען זשע זאָל איך קוילען ?

## דער ארבייטער.

— מען דארף ניט קוילען. מען דארף ארבייטען, ארבייטען.

— פאטער, דו זאגסט : איך וועל אויך זיין אין גיהנם. גוט, — אבער ווי ראטעווע איך זי ארוים ? איך זעה שוין, ווי די שדים רוקען זיך צו איהר. פאטער, האָב רחמנות אויף מיינע יונגע יאהרען, זאג, מען קען זי נאָך ראטעווען ?

— ניין.

— ס'א ליגען, אלטער !

## שטימען :

— אפילו זעלבע־פיער האָבען מיר איהם ניט אויפגעגעסען אינגאנצען !



— ער איז צו גרויס, עקסעלענץ !

## דער קעניג הונגער.

געהט. מען מוז ענדיגען, און הערט וואס איך זאָג : מאָרגען...

— מאָרגען ? מאָרגען ?

— שטילער ! ס'וועט קלינגען דער גלאָק !

— מאָרגען ?

— שטילער ! שטילער !

— אָ־אָ־אָ !

— אין די גאסען ! אין די הייזער !

— שטילער !

— מאָרגען ! מאָרגען ! מאָרגען !

זיי געהען זיך שטיל פאנאנדער מיט אונהיימליך־פרעהליכע פנים'ער.

— הערר פראָפעסאָר, ביי אייך אויפ'ן באָרד איז געבליעבען א ביינדעל.

— אי, אי, וואו איז עס ?

— איהר ווילט א קאָנפעט ?

— ווען מען טהוט א קלער, אז א קעמעל, למשל, האָט דריי מאָגענס, און איך, דער קעניג פון דער גאנצער נאטור, מוז זיך בעגעהען מיט איינעם . . .

## דער קעניג הונגער רעדט פון דער בימה :

צום בעדויערען מוז איך אייך שטערען, מיינע הערען. פערנעהמט אייערע ערטער. דער משפט געהט ווייטער.

די ריכטער טהוען גיך אָן די פארוקען. אלע פערנעהמען זייערע ערטער, דערביי פיהרט זיך אזא שמועס :

— פערצייהט מיר, געעהרטער קאָלעגע, איהר האָט גענומען מיין פארוק.

— אָך, ענטשולדיגט, איך פיהל אָבער טאקי עפּיס . . .

— וואס, נאך אלץ ניט קיין סוף!

— דאס טויג ניט. איך מוז געהן אין טהעאטער! וויפיעל שטיק איז נאך געבליעבען!

— איהר זענט זעהר לייכטזיניג, יונגער מאן. פערגעסט ניט, אז מיר זענען אהער געקומען ניט צוליעב פערגעניגען, נאר מיר ערפילען א געזעלשאפטליכען חוב, דעם חוב פון זאטע און עהרליכע מענשען...

— אויף מיין עהרען־ווארט...

— ווארט אקארשט. פערגעסט ניט, אז יעדען טאג...

— א חוץ יום־טובים.

— פערשטעהט זיך, אחוץ יום־טובים, ווען מיר געהען אין קירך און אין טהעאטער — יעדען טאג זיצען געריכטען אומעטום, אין אלע ווינקעלעך פון דער ערד, וואו נאר ס'איז פאראן א קולטור, און זיי משפט'ן און קענען אלץ ניט פער'משפט'ן אלע...

— ווען עס קומט.

— פערשטעהט זיך, אלע וועמען עס קומט. היינט בעטראכט זיך נאר, וואס וואלט געווען, ווען דער משפט וואלט אויפגעהערט כאטש אויף א קורצע צייט...

— אבער איך זאג דאך אייך, אויף מיין ווארט...

### דער קעניג הונגער.

דער סעקרעטער בעט מיך צו ערקלערען, אז ער האט געהאט פיער טעות'ן, נאר ער ווייסט ניט וואו. ס'איז אבער אזוינע טעות'ן, וואס קענען זיין א קוואל פון נייען רעכט.

דער סעקרעטער פערנויגט זיך שנעל. שוואכע אפלאדיס־מענטען.

### דער קעניג הונגער.

פיהרט אריין דעם נעקסטען הונגעריגען.

מען פיהרט שנעל אריין צוויי: אן אויסגעדארטען איינגעל מיט א מויל־שלאס און אנ'עלטערע אבגעריסענע פרוי מיט אנ'אויס־



דרוק פון וועהטאג אויפ'ן פנים. זי פערנויגט זיך א סך מאל און נידעריג פאר אלעמען.

### דער קעניג הונגער.

וואס האסטו געטהאן, הונגעריגער?

איינער פון די ריכטער האקט איהם פלוצלונג איבער:

— פאר וואס איז זי עפּים אהן א מויל־שלאס?

### דער טורמע־וועכטער.

דאס איז די מוטער פון דעם בעשולדיגטען. זי וויל רעדען פאר איהם.

— וויל זי רעדען, מוז מען איהר אנטהאן א מויל־שלאס. איהר האט עובר געווען די תקנות. פערשרייבט, סעקרעטאר.

— וואס האסטו געטהאן, הונגעריגער?

די פרוי פאלט אויף די קניע און הויבט אויף די הענד ווי בעת'ן דאווענען.

— האט רחמנות! ער האט דאך פון מיינעטוועגען גע'גנב'ט דעם עפּעל. איך בין געווען קראנק, האט ער זיך געטראכט: לאז מיך איהר ברייגנען אנ'עפּעל. האט אויף איהם רחמנות! זאג זיי, אז דו וועסט עס שוין קיינמאל ניט טהאן, זאג זשע, נו!

### דער הונגעריגער.

איך וועל שוין קיינמאל ניט.

### די פרוי.

איך האב איהם אליין שוין בעשטראפט... האט רחמנות אויף זיינע יונגע יאהרען, רייסט מיר ניט אוים מיין יונג בוימעלע!

— יא, היינט רחמנות אויף איינעם, מארגען שוין פארטיג נאך איינער. מען מוז אויסרייסען דאס שלעכטס מיט'ן ווארצעל...

— מען דארף האבען דעם מוט צו זיין אומדערבארמדיג.

— אזוי איז פאר זיי אליין בעסער.

— איצט איז ער יונג, ער וועט אבער אויסוואקסען...

++++++++++++++++++++++++++++++++++++++++

— מאמע, ס׳אַ רחמנות אויף דער אלטער. זאָל איך איהר שיקען אַ נדבה?

— האָסט דען קליין־געלט?

— ס׳אַרא גאָלדען קינד! אַ דימענט!

## דער קעניג הונגער.

איך בעט די הערען ריכטער צו מאַכען אַ מינע, ווי איינער וואָס קלערט.

בעת עס ציהט זיך די גאַנצע סדרה, קוקט די מוטער מיט האָפנונג אויף די ריכטער, און ווען ד ע ר ט ו י ט קלאַפּט מיט׳ן פויסט איבער׳ן טיש און שרייט הייזעריג:

— פער׳משפּט׳ — אינ׳ם טייוועל׳ס נאָמען!

טהוט זי אַ ציטער און שטעהט אויף.

— הונגעריגער, דו ביזט פער׳משפּט.

ווילד־צאָרענדיג, די הענד אויפגעהויבען צום הימעל, — שרייט די פרוי אין ברויזענדער אויפרעגונג:

— טאָ זאָל זיך דאָס אויסלאָזען צו אייערע קעפּ. זאָלען אייערע קינדער ווערען די כפּרה! זאָלען זיי בייסען משוגע׳נע הינט!

— אַ מויל־שלאָס! גיכער, אַ מויל־שלאָס!

— זאָל זיי אויסדאַרען זייער האַרץ! זאָל פערשטיינערט ווערען זייער נשמה. זאָל...

מען טהוט איהר אָן אַ מויל־שלאָס. דאָס פרעהליכע קול פונ׳ם ח ו ל י ג א ן — ד ע ם פּ אָ ר ז י צ ע נ ד ע ן:

— טאַטע! זעהסט, ווי זיי האָבען רחמנות אויף אונזערע קינדער. ביז מאָרגען!

— ביז מאָרגען!

— שטילער!

— איך זעה, מיין זוהן!

— שטילער! ווער איז דאָס?

— שטילער!



++++++++++++++++++++++++++++++++++++++++

## דער קעניג הונגער.

### פיהרט אריין דעם נעקסטען הונגעריגען.

דריי טורמע־וועכטער פיהרען אריין מיט גרויסער פאָרזיכט אַ מענשען, וועלכער זעהט אויס אונגעוועהנליך שטאַרק און קרעפטיג. זיין קוק איז לויטער און פריי, רעדען רעדט ער איינפאַך און רוהיג.

— הונגעריגער, וואָס האָסטו געטהאָן?

— איך ווייס ניט. איך האָב ניט געטהאָן גאָר ניט. איך האָף, אַז דאָס געריכט וועט מיך בעפרייען. איך האָב שטענדיג געפאָלגט און געטהאָן, וואָס מ׳האָט מיר געהייסען.

אלע זענען פערוואונדערט. דער קעניג הונגער סוד׳עט זיך מיט די ריכטער, נאָכדעם ווענדט ער זיך צו די צושויער:

— איך זעה, מיינע הערען, אַז די שולד פון דעם דאָזיגען מענשען איז פאַר אייך ניט קלאָר. זיין שולד איז גרויס — דאָס וועט איהר תיכף פערשטעהען. ער איז אַ שקלאַף — און פאַר אַ שקלאַף איז ער צו עהרליך און צו שטאַרק. שוין דערמיט אליין בעליידיגט ער אונז — מענשען, וואָס געניסען אַנ׳עדעלע קולטור און זענען דעריבער ניט שטאַרק. ווייטער: היינט איז ער געהאָרכזאַם, אָבער ווער קען ערב זיין פאַר מאָרגעדיגען טאָג? זיין קראַפט און זיין עהרליכקייט קענען ווערען אונזער גרעסטער און געפעהרליכסטער שונא. ניטאָ קיין ספק, אַז ער האָט פערדיענט דעם טויט — אינ׳ם נאָמען פון גערעכטיגקייט.

די צושויער רעדען צווישען זיך:

— דאָס איז אינגאַנצען גערעכט. שטאַרקע שקלאַפען זענען געפעהרליך, אפילו ווען זיי פאָלגען.

— יאָ. איך זעה, אַז ד ע ר ק ע נ י ג ה ו נ ג ע ר איז אונז אַנ׳אמת׳ער פריינד.

— ס׳אַרא לייב! ס׳איז דאָך אַ חוצפּה. אַ שקלאַף זאָל האָבען אַזוינע גלייכע פיס!

— אין קייטען פערשמיעדט איהם!
— ער וועט צערייסען די קייטען. טויטען דארף מען איהם! טויטען!

### דער קעניג הונגער.

איך בעט די הערען ריכטער מאכען א מינע ווי איינער וואס קלערט...

ד י ר י כ ט ע ר קלערען, ד ע ר ט ו י ט קלאפט מיט'ן פויסט:

— פער'משפט' — אינ'ם טייוועל'ס נאמען!

דעם יונגען מאן פיהרט מען אוועק מיט ד'ערזעלבער פארזיכט, ווי מ'האט איהם אריינגעפיהרט. אויף זיין ארט ערשיינט א נייער הונגעריגער. דאס איז א בעשעפעניש, וואס זעהט אויס שרעקליך ווילד. לאנגע הענד ביז די קניה מיט אומגעלומפערטע שמוציגע איינגעשרומפטע פינגער. דער קאפ און דאס פנים זענען איינגאנצען בעוואקסען מיט פערפלאנטערטע האר, די אויגען טריב, דער נאנג — ווי ביי א חיה: שרעקעדיג און פארזיכטיג, די פיס אויסגעדרעהט מיט די שפיץ פינגער איינער אנטקעגען צווייטען. ס'איז אבער פאראן אויך סמנים פון מענשליכקייט. דאס בעשעפעניש איז אנגעטהאן אין א מאדנעם פארצייטיגען קאסטיום: צוזאמענגעבונדען קארע פון בוימער, גראבע, משונה'דיג פערפלאכטענע מאטעריע און עפיס בענדלעך. אריינגעהענדיג, פרופט ער זיך צוקעמען, נאר ער פערפלאנטערט זיך מיט די הענד אין די האר.

### דער שמועס פון די צושויער.

— ס'איז דאך א מאלפע!
— נאט מיין גאט! מיר וועלען נאך, הייסט עס, משפט'ן א גאנצען זאאלאגישען גארטען! איך דארף געהן אין טהעאטער!
— ניין, ס'איז א מענש.
— וואס זאגט איהר! עס איז א מאלפע. בעטראכט נאר זיין קאפ.



— טהוט א קוק אויף די הענד!
— מען דארף איהם ניט אויסטהאן דעם מויל־שלאס. מסתמא בייסט עס!
— עס פערנויגט זיך!
— ס'איז א מענש!
— איך זאג אייך אז ניין! ס'איז נאר אויסגעלערענט אזוי. וואס איז דאס?
— מען מוז האבען א קאטאלאג! אהן קיין קאטאלאג קען מען זיך דא גאר ניט בעגעהן. ווי אזוי וועלען מיר משפט'ן, אז מיר ווייסען ניט, ווי עס הייסט!
— ס'א מאדנער פאסאן. כ'וואלט א בעלן געווען זיך בעקענען מיט זיין שניידער.

### דער קעניג הונגער.

אזוי ווי ביי'ם עולם איז פאראן א ספק, טא זאג אונז, הונגעריגער, פאר אלעמען: ווער ביזטו?

ד ע ר ה ו נ ג ע ר י ג ע ר שווייגט.

— עס פערשטעהט ניט!
— איך זאג דאך: א מאלפע!

### דער קעניג הונגער.

ווער ביזטו, הונגעריגער? ענטפער. דו פערשטעהסט וואס מען רעדט?

דער הונגעריגער ענטפערט מיט א דומפען כארכלענדיגען קול:

— מיר זיינען פויערים.
— כ'האב דאך געזאגט, אז ס'איז א מענש!

### אלע לאכען.

— פאר וואס לאכען די פריצים?
— דאס איז ניט דיין עסק, הונגעריגער. דו וועסט ניט פערשטעהן. וואס האסטו געטהאן, הונגעריגער?
— מיר האבען דער'הרג'ט א שר.

אַלע לאַכען.

— הערט! הערט!

— אויסגעצייכענט!

— ווי נאַריש!

מען לאַכט.

דער קעניג הונגער.

איהר האָט דאָך פערברענט אַ מענשען.

— ניין, אַ שד. דער גלח האָט אונז געזאָגט, אַז ער איז אַ ניט־גוטער, האָבען מיר איהם פערברענט.

ד י צ ו ש ו י ע ר זענען אַביסעל אונרוהיג.

— וואָס זאָגט ער?

— עס איז אַ ליגען. דאָס קען ניט זיין!

ד ע ר פ ר אָ פ ע ס אָ ר.

אָט דאָס איז די שעדליכע ווירקונג פון דער קירכע אויף די ענטוויקלונג פון די פאָלקס־מאַסען. פערברעכען, וואָס שטאַמען פון אַבערגלויבען.

ד י מ י ל י אָ נ ע ר ש ע.

אָך, ליעבער פראָפעסאָר, רעדט ניט קיין שלעכטעס וועגען דער קירכע ווען איך בין דערביי. איהר ווייסט דאָך — איך בין אַ גלויביגע.

ד ע ר ג ל ח. מיט איין זייט פנים קוקט ער פיינדליך אויפ׳ן פ ר אָ פ ע ס אָ ר, מיט דער אנדערער שמייכעלט ער פריינדליך צו ד י צ ו ש ו י ע ר.

— קענטיג ער האָט ניט פערשטאַנען, וואָס מ׳האָט געמיינט. דער גלח האָט זיי נאָר געוואָלט איבערצייגען, אַז ס׳איז פאַראַן אַ גוטע און אַ בייזע קראַפט, אָבער ניט, חלילה, הרג׳נען... די רעליגיאָן, מיינע דאַמען, פערוועהרט יעדען מאָרד.

— יאָ, אויב אַזוי, איז גאָר אַנ׳אַנדער מעשה.



— דאָס איז גאָר אַנ׳אַנדער מעשה. וואָס איז דאָ שולדיג דער גלח, אויב ער איז אַזאַ נאַר.

— זאָגט, איך בעט אייך, אַ פנים ווי אַ מאַלפע, און ליגען זאָגט עס ווי אַ מענש.

— בעשולדיגט פיינע מענשען.

— אַן אויסוואורף!

דער קעניג הונגער.

איך בעט די הערען ריכטער מאַכען אַ מינע ווי איינער וואָס קלערט.

די ריכטער זיצען אַ שטיקעל צייט מיט אַזאַ מינע, פונקט ווי זיי קלערען. נאָכדעם בויגען זיי אָן די קעפ מיט יראת־הכבוד און פערנויגען זיך פאַר דעם ט ו י ט. ד ע ר ט ו י ט שפרינגט אויף און קלאַפט אין בלינדען כעס איבער׳ן טיש.

— פער׳משפט׳ — אינ׳ם נאָמען פון דעם טייוועל! דעם טייוועל! דעם טייוועל!

אַלע ווערען דערציטערט, אַקוראַט ווי מ׳האָט זיי געבען אַ שטאַרקען שטויס. דער טויט, אַ הויכער, אַ שוואַרצער, אַ שרעקליכער, אַלעמאָל מעהר ווייטהענד, קלאַפט מיט׳ן פויסט איבער׳ן טיש און דרעהט אין אַלע זייטען די ווייסע אויסגעשטערעטע צייהן.

— דעם טייוועל! דעם טייוועל! דעם טייוועל! דעם טייוועל! דעם טייוועל!

דער קעניג הונגער.

בערוהיגט זיך, געעהרטער...

— דעם טייוועל! דעם טייוועל! דעם טייוועל!

אַלע שטעהען אויף דערשראָקען מיט אָפענע מיילער.

— דעם טייוועל! דעם טייוועל!

סוף כל סוף ווערט ד ע ר ט ו י ט אַנטשוויגען, בלייבט זיצען בייז־אונבעוועגליך.

דער קעניג הונגער, שטיל:

— דאס איז גאר ניט, מיינע הערען. אביסעל מיער, מסתמא. זעצט אייך אלע. פיהרט אוועק דעם הונגעריגען.

אלע זעצען זיך מיט אפענע מיילער און קוקען נאך א שטיק צייט אויפ'ן טויט. דער קעניג הונגער סוד'עט זיך מיט די ריכטער און זאגט נאכדעם פרעהליך:

— אין א גוטער שעה, מיינע הערען. פאר היינטיגען טאג האבען מיר שוין פערענדיגט אונזער שווערע, אונדאנקבארע ארבייט. לויט אנ'אלטען מנהג, וועלכע האט א סימבאלישע בעדייטונג, מוזען מיר, ריכטער, נאך אויסטרינקען יעדערער א בעכער פון אט דעם געטראנק. הערר ריכטער, גיסט אן. האט ניט מורא, מיינע הערען, דאס איז ניט קיין בלוט, כאטש דער קאליער איז אביסעל ענליך צו בלוט — אזוי פאדערט, ליידער, דער אלטער מנהג — דאס איז מעהר ניט ווי וויין.

זיי שטעהען אויף, פערנויגען זיך איינער פאר'ן אנדערען און טרינקען אויס דעם וויין. דעם טויט דערלאנגט מען אויך א בעכער, נאר ער שטויסט איהם אב פון זיך מיט דער ביינערדיגער האנד.

דער קעניג הונגער.

צום שלום — וועל איך זיך ערלויבען א קורצע רעדע, ווי עס פאדערט דער מנהג. איך וויל אייך בעווייזען, אויף וויפיעל מיר זיינען בעסער, גערעכטיגער און העכער פון אלע אנדערע מענשען. מיינע הערען! איהר האט דא היינט געזעהען פאר אייערע אויגען אזוינס, וואס קען אונז געבען א טיעפען מוסר. דורך אונז, ריכטער, אייערע משולחים האט די אייביגע הימלישע גערעכטיגקייט זיך בעוויעזען אויף דער ערד מיט איהר גאנצער פראכט. אהן פערברעכערישער רחמנות, גלייכגילטיג צו געבעט און צו קללות, פאלגענדיג נאר די געזעצען פון אייביגער גערעכטיגקייט, געהארכענדיג נאר דער שטים פון אונזער אייגענעם געוויסען — האבען מיר בעלויכטען די ערד מיט דעם ליכט פון מענשליכען פערשטאנד



און דעם גרויסען, הייליגען אמת. ניט פערגעסענדיג אויף איין מינוט, אז גערעכטיגקייט איז דער פונדאמענט פונ'ם לעבען, האבען מיר פארצייטען געקרייציגט יעזוס קריסטוס און פון דעמאלסט אן הערען מיר ניט אויף צו פערציהרען די וועלט מיט נייע מזבחות. פערשטעהט זיך, נאר מערדער, נאר מערדער. מיר האבען אפילו גאט ניט געשוינט — אלץ צוליעב די געזעצען פון אייביגער גערעכטיגקייט — קען אונז שוין ריהרען דאס וואיען פון אט די הונגעריגע כלבים, זייער פלוך און זייער כעס? זאלען זיי שילטען, אונז וועט בענשען דאס לעבען אליין, מיט זיין מאנטעל וועט אונז בעשיצען דער הייליגער אמת, און דער משפט פון דער געשיכטע וועט ניט זיין גערעכטער ווי אונזער אייגענער משפט.

הילכיגע אפלאדיסמענטען. ד ע ר ק ע נ י ג ה ו נ ג ע ר טהוט א מאך מיט דער האנד, עס זאל ווערען שטיל, און רעדט ווייטער, שמייכלענדיג שטיל, מיט א צישען, ווי א שלאנג:

— וואס האבען זיי אויסגעשפיעלט מיט זייערע קללות? וואס? זיי זיינען דארטען, און מיר זיינען דא. זיי זיינען אין טורמע, אויף קאטארגע, אויף תליות — און מיר וועלען געהן אין טהעאטער. זיי פגר'ן — און מיר וועלען זיי עסען — עסען — עסען!..

ער קוקט אויף אלעמען מיט פרעהליכע גיעריגע אויגען. פלוצלונג הויבט אן צו לאכען איין מאגערער ריכטער. ער זיצט גלייך, אויסגעצויגען, די הענד אויף די קניע און לאכט מיט א דינינקען קול'כעל, אקוראט ווי ס'מעקעט א צאפ. נאך איהם הויבט אן דער צווייטער, דער דריטער, איינער פון די דיקע האט ארויפגעלעגט זיין האנד אויפ'ן פעטען בויך און לאכט ווי פון א פאס. דער בויך וויעגט זיך און טאנצט — און ער לאכט מיט א נידעריגער שטימע, קוים וואס ער כאפט דעם אטעם. עס קומט אויס אזוי:

— חי־חי־חי־חי־חי־חי־חי!

— חו־חו־חו!

דאס געלעכטער וואקסט, ווערט ברייטער, פערשפּרייט זיך, ווי א פייער פון ווינד, אין אלע עקען. מען ווערט וויטהענד, הייזערינג. אלעס האט זיך צונויפגעגאסען אין איין שווארצען, אפּענעם, ווילד־לאכענדיגען מויל.

נאר דער טויט איז עפּיס ניט צופריעדען. ער לאכט ניט. פּלוצלונג קלאפּט ער איבער'ן טיש, אז מען זאל שווייגען. אלע ווערען שטיל און קוקען אויף איהם מיט שרעק. ער דראהט זיי מיט זיין דינעם טונקעלען פינגער און לעגט אריין די פּאפּיערען אין פּארטפעל. אלע שטעהען אויף. שנעל, מיט קורצע טריט, ניט גריסענדיג קיינעם, געהט דער טויט צו דער טהיר.

דער פארהאנג פאלט.



# דאס פיערטע בילד.

דער אויפשטאנד פון די הונגעריגע
און דעם קעניג הונגער'ס פּערראט.

די נאכט פון'ם גרויסען אויפשטאנד.

א רייכער, גרויסארטיג פערפּוצטער זאל. סטאטועז, בילדער פון אלטע און נייע קינסטלער, מאזאאיק, מארמאר, טראפּישע וואזאנען. רעכטס, דורך א ברייטע ארקאדע, זעהט מען מארמאר־טרעפּ, וועלכע פיהרען אראב. לינקס, אויך דורך אנ'ארקאדע, זעהט זיך א ביבליאטעק־זאל — אסך שרענק אנגעפילט מיט ביכער אין רייכע איינבונדען.

וועגען פארזיכטיגקייט ברענען נאר ווייניג לאמפּען, און דער זאל איז בעלויכטען ניט העל; די הינטערשטע וואנד איז פון לויטער פענסטער, וועלכע דערגרייכען כמעט ביז צו דער פּאדלאגע; פון יענער זייט פענסטער וויעגט זיך און וויקעלט זיך ווי קנוילען דער העלער רויט־פייערדיגער אבשיין פון די שריפות. ווען אין זאל ווערט פינסטערער, ציהען זיך פון די פענסטער ברייטע פּור־פּור־רויטע פּאסען און לעגען זיך אויף דער פּאדלאגע, און פון די מענשען, וועלכע שטעהען נאהענט צו די פענסטער, פאלען דאן לאנגע טונקעלע שאטענס. סמנים פון שרעק און ערוואַרטונג לאזען זיך מערקען אומעטום: די מעבעל איז פאנאנדערגעשטעלט אהן ארדנונג, די בעלי־בתים איז שווער צו דערקענען צווישען די געסט, די טאנצענדע בעוועגען זיך עפּיס אונרוהיג און דער עולם

בכלל פערגעסט א סך כללים פון דרך־ארץ. די מוזיק אויף דער גאַלעריע שפּיעלט אמאָל הויך און רוישיג, אמאָל ווערט זי ביסלעכווייז אנשוויגען, און נאר איין טרומייט ציהט נאָך א שטיק צייט אומגעלומפּערט זיין טאָן און האקט זיך פּלוצלונג איבער — ווי מיט א דערשראקענעם קרעכץ.

דער פּאַלאַץ, וועלכער איז אונטען ארומגערינגעלט מיט א וואַך, רעכענט זיך פאר א זיכער אָרט; אהער האָט דער אויפשטאנד פערטריעבען אלע, וועמען ער איז פיינדליך און ווער עס האָט פאר איהם מורא. ווי די *צושויער* אין געריכט, זיינען דאָ אויך פאראן רייך געקליידעטע דעקאָלטירטע דאמען און מיידלעך, שעהנע, לויטערע, בעהאנגען מיט טייערע ציערונג; עס זיינען פאראן מענער אין פראקען. עס זיינען אבער אויך פאראן מענשען, וואס זיינען אנגעטהאן אין סורדוטען און אפילו אין בלוזעס: די גרופּע *קינסטלער* און שריפטשטעלער זיינען אומישנע נאָכלעסיג געקליידעט. די *געלעהרטע* זיינען כמעט אלע אין סורדוטען און פּידזשאקעס, אייניגע שמוציג. צווישען עולם איז פאראן עטליכע גייסטליכע מיט צנוע'דיגע רחמנות־פּנים'ער; די איבעריגע פערהאלטען זיך צו זיי אונפריינדליך, אָפּטמאָל טאקי גראָב.

דער עולם בעוועגט זיך אונרוהיג. מען פערזאמעלט זיך אין רעדלעך און מען געהט זיך שנעל פאנאנדער, ווייל מען זוכט עפּיס נייעס, אזוינס וואס זאל בערוהיגען די נשמה. זיצען זיצט כמעט קיינער ניט. מען געהט פארזיכטיג צו די פענסטער און מען קוקט אין גאס, אייניגע פּרופען פערציהען די פענסטער מיט די דורכזיכטיגע גארדינען, נאר עס העלפט ניט.

די גאנצע צייט קלינגט ערגיץ נאָהענט דער שטורעם־גלאָק און רופט, דאכט זיך, מיט זיינע הונגעריגע קלאנגען; נאָך יעדען שטארקען קלונג דאכט זיך, אז העלער איז געוואָרען דער פייערשיין און אונרוהיגער די בעוועגונגען פון די געסט. אמאָל ווערט דאס קלינגען לעבעדיגער, דעמאָלט פיהלט מען אין איהם א האָפנונג, א פרייד, שעור ניט א זיעגעס־שטאָלץ, אמאָל ווערט עס לאנג־



זאמער, שווער און טרויעריג, אקוראט ווי ס'איז מיעד געוואָרען די האנד און דאס הארץ פונ'ם אלטען *גלאָקען־קלינגער*.

אהין און אויפהער שאַלט אויף דער הייזעריגער טרומייט *פונ'ם טויט*, אמאָל ווייט, אמאָל גאר נאָהענט, אז ס'פאלט אזש אן אימה. אָפּטמאָל פערהילכט ער אלע איבעריגע טויטע און לעבעדיגע קלאנגען; דאמאָלס ווערען, ווי פון זיך, אויסגעלאָשען א סך ליכט און אלעס ווערט פערשטאַרט־אונבעוועגליך, און אויף דער פּאָדלאָגע לעגען זיך לאנגע שווארצע שאָטענס פון די פּורפּורגליהענדע פענסטער.

ווען דער פארהאנג ווערט אויפגעהויבען, הערען זיך די אלערליי פערשיעדענע קולות: עס שפּיעלט לעבעדיג, אבער צורודערט, די מוזיק, עס רופט דער הייזעריגער טרומייט און ס'פאלען שווער די קלאנגען פונ'ם גלאָק.

## דער שמועס פון די געסט.

— איך קען מיר נאָך אלץ ניט גלויבען, אז עס האָט אויפגעפלאקערט אנ'אויפשטאנד. ס'ארא שרעק!

— ניט נאר איהר אליין קענט זיך ניט גלויבען. אזוי פּלוצלונג איז דאס געוואָרען. ערשט נעכטען איז נאָך אלעס געווען רוהיג און פריעדליך.

— הערט נאר, וואס דאָרט טהוט זיך. אָט דער טויט...

— יעדער קלונג האקט אין קאָפּ, ווי א האמער!

— עס איז עפּיס א שפּילכעל, וואס? יעדע מינוט קענען זיי קומען אהער און אלעמען אויס'הרג'נען: די מאנסבילען, די ווייבער און די קינדער.

— עס איז דאָ א וואַך.

— אַי, לאָזט צורוה! איהר גלויבט טאקי זעהר אָט די געדונגענע כלבים דאָרט אונטען? זאלען יענע נאָר ווערען שטארקער, אזוי איז אויס. וואו איז דער קעניג הונגער?

— דאָרט!

— רבונו של עולם! קען דען זיין, ער זאל אונז פערראטען.

איך האָב אבער שטענדיג געזאגט, אז מען טאר זיך ניט פערלאזען אויף אָט דעם נידערטרעכטיגען משרת, אָט דעם שלעפער, דעם פּראָוואָקאטאָר!

— האָט אביסעל צייט מיט'ן זידלען. איהר ווייסט דאָך ניט, צי איז ער אויף אונזער צד, צי אויף'ן צד פון די מורדים.

— צו וואס שפּיעלט די מוזיק? זאגט איהר, זי זאל אנשוויגען ווערען.

— עס איז היימליכער, אז זי שפּיעלט.

— דולט ניט א קאָפּ! מען קען נאָך דערהערען פון גאס.

— דאָרט הערט זי זיך ניט. דאָרט איז אנ'אנדער מוזיק. הערט!

זיי הערען זיך צו.

— ס'אראַ שרעק, מיין גאָט! מען קען זיך נאָך דערוויסען, אז מיר זענען דאַ. העי, מוזיקאנטען, זאל זיין שטיל!

— עס פּאסט ניט אָהן די בעלי־בתים.

— וואס מיר בעלי־בתים אין אזאַ צייט. ווערט זשע אנשוויגען דאָרט, איהר!

די מוזיק ווערט ביסלעכווייז אנשוויגען. אנ'אימה פּאלט אויף די געסט.

— וואס איז, וואס איז?

— פאר וואס שווייגט די מוזיק? וואס טהוט זיך דארט?

— מען געהט אהער!

א הויכע ציטערדיגע שטים:

מען געהט אהער! געוואלט, מען געהט!

אלע לויפען ארום איבער'ן זאל. א היסטעריש געוויין.

— עס איז דאָך א טעות! בערוהיגט אייך, עס געהט ניט קיינער.

— פערבאריקאדארט די טהירען!

דעם בעל־הבית'ס שטים:

— וואס איז דאָ אזוינס? וואס איז?



— עמיצער האָט געהייסען דער מוזיק אויפהערען שפּיעלען, איז געפאלען א פּחד אויף אלע.

— ווער האָט געהייסען? ווער האָט דאס די העזה? שפּיעלט, מוזיקאנטען! מיינע הערען, ס'איז גאר ניט געשעהען. מיר'ן באלד טאנצען. קאוואליערען, אנגאזשירט די דאמען אויף א קאָטיליאָן.

מען בערוהיגט זיך אביסעל. ערטערווייז הערט זיך אפילו א געלעכטער.

— קען איך אייך איינלאדען צום טאנץ?

— איהר האָט מיר אנגעטרעטען אויפ'ן קלייד.

— פּארדאָן!

א שמועס פון די געלעהרטע:

— געוויס איז ניטאָ וואָס מורא צו האָבען. כל זמן דער קעניג הונגער איז אונזערער...

— און איהר זענט דערין זיכער?

— יעדענפאלס, די געשיכטע...

— דאס איז אלץ אזוי אונזיכער, אונבעשטימט: איהר זאגט „די געשיכטע". מיר קענען דען די אמת'ע געשיכטע?

— דאס זאגט איהר, א היסטאָריקער?

איינגעהאלטענער געלעכטער און שמייכלען.

— איך ווייס נאר איינס — אז דאס איז שרעקליך. ווי קען מען איבערמעסטען די ענערגיע, וואָס דער קעניג הונגער האָט אָנגעזאמעלט צווישען אָט די פינסטערע, אומגליקליכע מאסען? אפשר וועט זי קלעקען נאָר אויף א קורצען אויפברוך, ס'קען אבער זיין, אז זי זאל אומוואַרפען אלעס, אונזער גאנצע קולטור. (ער ווייזט אויף די פענסטער) איהר ווייסט, וואס דארט ברענט? ס'איז נאָך גוט, אויב עס איז הייזער. וואס טהוט מען אבער, אויב דאָס ברענען שוין מוזעען? ביבליאָטעקען?

— דעם פייער איז אלץ איינס!

\++++++++++++++++++++++++++++++++++++++++

— גאָט מיין גאָט!
— זאָל דאָס שוין אומקומען אלצדינג!
עמיצער פערלעשט א טהייל לאָמפּען. ס'ווערט פינסטערער און די פענסטער הויבען אן העלער גליהען. ווידער אנ'אימה.
— וואס איז דאָס?
— פאר וואס איז פינסטער? וואס איז דאָרט?
— מיינע הערצען!
— דער עלעקטרישער שטראָם האָט זיך איבערגעריסען.
— באלד וועט ווערען פינסטער־חשך.
— צינדט אָן ליכט! וואו איז ליכט? גיכער!
— בערוהיגט זיך, ס'איז גאר ניט. ס'ארא טרוסען!
— קען איך אייך איינלאדען?
— משוגע זענט איהר? טאַנצען?

די מוזיק שפּיעלט א וואלס.

— פאר וואס עפּיס א וואלס? מ'האָט געזאגט א קאָטי־ליאָן?
— אי, ס'איז אייך ניט אלץ איינס: א וואלס, א קאטיליאן, א שווארץ יאהר!
— איהר זענט צו גראָב!
— פּארדאָן!
אין דער האלב־פינסטערניש דרעהט זיך עפּיס א פּאָרעל איי־נע אליין און ווערט באלד פערשוואונדען.
— נייעס, נייעס! ס'איז דא נייעס!
— וואס איז?
— נייעס! הערט!
די מוזיק ווערט ביסלעכווייז אנשווייגען. אינמיטען סצענע טרעט ארויס א יונגער מאן. זיין קאָסטיום איז צעקנייטשט, דאָס פּנים בלייך, אויפ'ן שטערען א בלוטיגער פלעק. מען רינגעלט איהם ארום.



\++++++++++++++++++++++++++++++++++++++++

— איך בין פון דארטען.
— מיין גאָט!
— רעדט! רעדט!
— ס'א שרעק! ס'דאכט זיך מיר, איך בין אנטלאפען פון אנ'אנדער וועלט, וועלכע מען קען נאָר זעהען אין א חלום. די גאסען — לעדיג, איבער זיי אין דער לופטען ציהט זיך א ברומע־ריי. פון וואנען — ווייס איך ניט. א בלוטיגע פינסטערניש. שווארצע שאָטענס. טויטע קערפּער אונטער די פיס. שווייגענדיגע, גליהענד־ברענענדע חורבות, קיין מענשען ארום זיי איז ניטא. וואו זענען די מענשען?
— מען האָט אייך פערוואונדעט?
— פלוצלונג — א מענגע, א מבול געשרייען, א וויכער פון קערפּער, אויסגעשטעלטע צייהנער. ווער איז דאָס? — איך האָב זיי ביז אהער קיינמאָל ניט געזעהען. זיי צערשטערען אלעס. זיי טויטען איינער דעם צווייטען. זיי הרג'נען קינדער. כ'האָב געזע־הען: זיי האָבען פערברענט א גרויס הויז, פול מיט ווייבער און קינדער, וועלכע זענען אהין אנטלאָפען.
— ס'ארא שרעק!

עמיצער וויינט היסטעריש.

— שטילער!
— דאָס זענען די הונגעריגע!
— דאָס איז דער המון! זיי וועלען קומען אהער אויך.
— עפּיס ווילדע, האלב־נאקעטע צושויבערטע בעשעפענישען. ווער איז דאס? איך האָב זיי ביז אהער קיינמאָל ניט געזעהען. מען זאגט: דאָס דאָרף האָט זיך אויפגעהויבען, אלע דערפער גע־הען אהער, צו ראבעווען די שטאָדט.
— דאָס איז דער סוף!
— פערפאלען אונזער לעבען!
— דאס איז א רעוואָלוציע!

— בעלײדיגט ניט די רעװאָלוציע. דאס איז א בונט. איהר האָט געהערט: זײ פערברענען װײבער און קינדער.

— די חיות זענען ארױס פון די װעלדער!

— די װעלדער געהען אױף אונז!

— אױס. א סוף!

— מען זאגט: עס הערט זיך שױן, װי עס סקריפּען די רעדער פון זײערע װאָגענס. אױף די װאָגענס װילען זײ אװעקפיהרען אלצדינג, װאס ס'װעט בלײבען פון אונזער שטאָדט.

— א מחנה בארבארען געהט אױף אונז!

— חיות זעניען ארױס פון די װעלדער!

— איך הער, װי עס סקריפּען די רעדער. װעה איז צו אונז!

— פערלעשט די לאָמפּען!

נאך עטליכע לאָמפּען װערען פערלאשען. דעם ט ו י ט'ס טרומײט הערט זיך ערגיץ גאר נאָהענט.

— און איך האָב געזעהען, װי מען האָט קינדער און װײבער געברענט. און מעהר קען איך ניט לעבען. איך בין נאר געקומען אײך דערצעהלען, אָנזאָגען, איהר זאָלט װיסען. ערגיץ דאָרט אין מײן פאָטער — מײן מוטער... זאגט זײ, אז איך בין געשטארבען.

ער נעהמט שנעל ארױס א רעװאָלװער. שיסט זיך. א שרעק. מען לױפט אהין און אהער. דעם טױטען קערפּער נעהמט מען אױף די הענד און מען טראגט איהם שנעל אװעק.

— װאס איז דאָ?

— מען איז שױן געקומען. גאָט!

— נײן. עמיצער האָט זיך דערשאָסען.

— צו װאס זשע שרעקט ער אונז!

— װישט אב דאס בלוט.

— מוזיקאנטען! מוזיקאנטען!

— ער האָט געזאָגט, אז עס ברענט די נאציאָנאל־גאלעריע.

— װאס?

— עס ברענט די נאציאנאל־גאלעריע.



— מײנע העררן! א נײעס. עס ברענט די נאציאנאל־גא־לעריע.

פּיעלע לױפען צו די פענסטער.

— װאו? װאו?

— אָן דאָרט.

— טאקי אמת!

— פארזיכט. היט זיך!

— פערציהט דעם פאָרהאנג.

— עס ברענט די נאציאנאל־גאלעריע.

— זײט זשע מוחל, איהר האָט מיר אָנגעטרעטען אױפ'ן פוס.

— ס'ארא פײער!

— װאס? װאס? װאס?

פון דער ביבליאטעק לױפט ארױס א ק י נ ס ט ל ע ר מיט א גרױסען װײסען קראװאט און מיט א סאמעטענער בלוזע. ער איז שרעקליך אױפגערעגט. נאָך איהם געהען ארױס אנדערע ק י נ ס ט ל ע ר.

— טאקי אמת? עס ברענט די גאלעריע?

— יא. יא. קוקט.

— עס ברענט די גאלעריע? עס ברענט מורילױא! עס ברענט װעלאסקעז? רובענס? דזשיארדזשאָנע?

— יא. יא. קוקט. ס'ארא פלאם.

— א חידוש? אײל־פארבען!

דער ק י נ ס ט ל ע ר װײנט, פערדעקט דאס פּנים מיט די הענד. פּלוצלונג שרײט ער װילד:

— איך װעל ניט לאָזען! איך װעל ניט לאזען ברענען ביל־דער. איך װעל ניט לאָזען! (לױפט צו דער טהיר.)

— װאוהין לױפט ער?

— ער איז פון זינען אראָב!

— האלט איהם!

— אװעק!

— איך וואלט א בעלן געווען זעהען, ווי ער וועט ניט לאָזען. מאָרנע פאנטאזיארען — די ארטיסטען.

די גרופע קינסטלער:

— עס ברענט מורילִיאָ!

— עס ברענט וועלאסקעז!

— עס ברענט דזשיארדזשאָנע!

— גאָט מיין גאָט!

איינינע פון די קינסטלער שטעלען זיך אויף די קניע פאר אנ'אלטען שווארצען בילד און רעדען מיט אראָבגעלאזענע קעפ ווי בעת א תפילה:

— דו, אונשטערבליך בילד!

— דו, וואונדערבארע שעפפונג פונ'ם מענשליכען זשעניע!

— אויף דיר איז אויסגעגאסען די געטליכע שעהנהייט. און דו וועסט שטארבען!

— דו גיסט א זין און א ווערטה צו אונזער גאנץ לעבען. און דו וועסט שטארבען!

— און די מענשען וועלען אומקומען צוזאמען מיט דיר.

— און עס וועט אומקומען די שעהנקייט. ווער וועט וועלען לעבען, ווען די שעהנקייט וועט שטארבען?

— זיי אונז מוחל, דו גרויס געטליך בילד. מיר האָבען ניט קיין מאכט דיך צו בעשיצען.

— מיר אליין וועלען אויך מוזען שטארבען.

די געסט לאכען האסטיג, איראָניש. שטימען:

— דאָרט שטארבען מענשען, און זיי — אלץ מיט זייערע בילדער.

— פאנאטיקער. זיי ווייסען נאר די בילדער. מיר אליין זיי־נען אין א סכנה, אָט וואס ס'איז וויכטיג.

— בילדער זענען גוט אין א רוהיגער צייט.

— אונז וועלען ניט ראטעווען זייערע בילדער! בילדער!

— ס'איז אבער פארט א שאָד.



— אי, לאָזט צורוה! וואָלטען מיר נאָר געווען געזונד — וועלען זיי אונז אויסמאָלען נייע בילדער.

— נאָך שעהנערע.

— וויפיעל איהר ווילט. מיר אליין שטעהען אין געפאהר — אָט דאס איז דער עיקר.

— גאָט וועט ניט דערלאזען, אז ס'זאלען אומקומען אזוי פיעל אונשולדיגע.

— אך, לאָזט צורוה, הייליגער פאטער. בעסער וואלט איהר פריהער געווען געלערענט די כלבים, אז דער הונגער פיהרט צו עולם־הבא, ניט צו קיין אויפשטאנד!

— מ'האָט געלערענט, נאר... עס העלפט ניט.

— מען גלויבט ניט!

— זיי גלויבען יא, נאר... ער זאגט שעמעודיג: — היינט האָבען זיי אויפגעהאנגען א גלח. ס'איז דאָך א גרויל ווען מען טהוט א קלער, וואס וועלען זיי ענטפערן אויף יענער וועלט.

— וואס זשע? דאס שטריקעל האָט זיך איבערגעריסען?

דער גלח רוקט זיך אב פערשעמט.

אנ'אלטינקער אין א מונדיר:

— איך האָב שטענדיג געזאָגט, אז ס'איז נויטיג רעפאָרמען. מען טאר ניט צו שטארק אָנציהען די סטרונע. ווארפט זיי נאר ארוים צו דער צייט א שטיקעל ברויט, אדער אפילו פשוט א ליעב־ליכען שמייכעל...

ער פרופט פארשטעלען מיט זיינע איינגעשרומפענע ליפען, ווי מען שמייכעלט ליעבליך.

— רעפארמען ווילט איהר? אדרבא. זאל זיין רעפארמען. זאל זיין וואס איהר ווילט. מיר אליין זענען אין א סכנה, אט דאס איז דער עיקר. איהר פערשטעהט: מיר!

אלע רינגלען ארום דעם אלטינקען; מ'איז העכסט אויפגעבראכט, מען קלאפט זיך מיט די הענד אין הארצען און מען שרייט:

— מיר זענען אין א סכנה, אָט דאָס איז דער עיקר. מיר!
— מיר!
— איהר פערשטעהט: מיר!
— מיר! מיר!

שרייענדיג מיט ווילדע קולות „מיר! מיר! מיר!“ רוקען זיי זיך אַלע צ ו ם א ל ט י נ ק ע ן און פערשטופּען איהם ער־ניץ אין א ווינקעל. דער פייער־אבשיין ווערט גרעסער, דער גלאָק און דער טרומייט קלינגען שארפער. פערצווייפעלטע שטימען:

— שוין זשע וועט אונז אויסקומען שטארבען!

— לעבען איז אזוי גוט. אויב זיי וועלען קומען אהער, וועל איך זיך שטעלען אויף די קניע און וועל זיי בעטען: טויט מיך ניט, לעבען איז אזוי וואויל.

— גאָט מיינער, איך האָב זיך נאר וואס געלאזט נייהען א ניי קלייד. גאָט מיינער! איך האָב זיך נאר וואס געלאזט נייהען א ניי קלייד!

— ס׳ווילט זיך אזוי ניט שטארבען!

— איך וויל ניט שטארבען! איך וויל לעבען! קיינער טאָר מיך ניט הרג׳נען, אז איך וויל לעבען!

— לעבען! לעבען!

מיט יאמער־געשרייען „לעבען! לעבען!“ לויפען זיי הילפ־לאָז איבער׳ן זאל און שטויסען זיך איינער אָן צווייטען. די מוזיק הויבט אָן שפּיעלען עפּיס א משונה׳דיג־אומגעלומפּערטע זאך און ווערט באלד אנשווינגען מיט א הויכען קרעכץ, אקוראט ווי זי האָט זיך דערשראקען פאר זיך אליין. עס קומט אריין ד ע ר פּ ר אָ־פ ע ס א ר, שטארק צוטראָגען. קיינער קוקט זיך אויף איהם ניט אום. מען שטויסט איהם.

— ווארט נאר אוים! ווארט אוים! ווארט אוים! — ער וויינט שיער — איך דארף איך עפּים זאגען! איך דארף עפּים זאָגען!

— וואס איז?
— וואס וויל ער?



— ווער איז דאס? וואס וויל ער?
— מיינע העררן, א נייעס!

עס פערזאמעלט זיך ארום דעם פּ ר א פ ע ס א ר א הייר־פעל צורודערטע מענשען.

— הערט! איך בין אָקאָרשט געגאנגען איבער׳ן גאס — זיי ברענען די ביכער!

— וואסערע ביכער?
— וואס זאגט ער?
— מען ברענט עפּים ביכער!
— נו איז וואס? וואָס וויל ער פון אונז?

— אונזער אוצר, אונזער מענשליכען שטאָלץ — אונזער גרעסטען הייליגטהום — די ביכער ברענען זיי, די ביכער. וואָס טהוסטו, בלינדער המון! וואס טהוסטו! אָך, טהייערע פריינד, טהייערע פריינד מיינע — אז איך... אז איך בין צוגעלאָפען אויס־רייסען... אויסרייסען ביי זיי איין קליין... ביכעלע... א קלייניניקען in quarto*) האָט ער, דער כלב, מיר דערלאַנגט א קלאַפּ. (ער וויינט; שטרעקט אוים די הענד אהנמעכטיג, נאר ארום איז לע־דיג.) פאר וואס האָט ער מיר געגעבען א קלאַפּ? איך האָב דען ביי איהם אויסגעריסען ברויט? איך האָב עהרליך געארבייט, איך האָב גאר ניט אחוץ אָט דעם שווארצען... שווארצען ראָק. און ווייטער גאָר ניט. אפילו קיין אנדער ראָק האָב איך ניט! ניעדער־טרעכטיגער! (ער וויינט. קוקט ארום דעם צימער מיט זיינע קורצ־זיכטיגע פערוויינטע אויגען.) ווען איך טהו נאָר א קלער, אז אָט דאס אלעס וועט מוזען אומקומען — אָט די שעהנע סטאטועז, אָט די וואונדערבארע שרענק מיט די ביכער — אין אזוינע איינבונדען — אָט די ליעבע, עדעלע געזיכטער... פריינד מיינע! (ער שטרעקט אוים די הענד, קוקט זיך ארום. זיי שווייגען. קוקען אויף איהם מיט חוצפּה. פּלוצלונג זאגט ער שטיל, פערוואונדערט:)

— וואו זשע זענען די געזיכטער? וואו זשע זענען די גע־

*) אַ פיערטעל בויגען די גרויס.

זיכטער? וואס איז דאָס? ווער איז דאָס? (הויך) ווער איז דאָס?

ער זוכט מיט ציטערדיגע הענד די ברילען, טהוט זיי אָן, קוקט — זיי געהען אוועק פון איהם, שמייכלענדיג, אהן א פּיצעל אבשיי, ניט ענטפערענדיג קיין ווארט, אקוראט ווי מען האנדעלט מיט א משוגע'נעם אדער א קינד. ער קוקט זיך אלץ ארום פערוואונדערט, שווייגענדיג, געהט זיי נאָך מיט זיין זקנ'ישען אונזיכערען גאנג און ווערט פערשוואונדען אין ביבליאטעק. דאָ האָט מען דערווייל וויע־דער אנגעהויבען יאָמערען. איצט זענען שוין אבער די געשרייען טריבע, דערשלאָגענע, האָפנונגסלאָזע, כמעט אונטערטהעניגע.

— דער טויט איז נאָהענט.

— מיר מוזען שטארבען!

— ווער וועט אונז ראטעווען? עס געהט דער טויט.

— ניטא שוין קיין האָפנונג. עס געהט דער טויט.

— גאָט האָט פערבארגען זיין פּנים פון אונז.

— דער טויט! — דער טויט! — דער טויט!

עס קומט אן דאס מיידעל אין שוואַרצע קליידער. זי רעדט הויך.

— וואס איז אייך? וואס טאנצט איהר ניט? וואו איז די מוזיק? מוזיקאנטען, שפּיעלט! (מען שווייגט. ד א ס מ י י ד ע ל קוקט זיך ארום פערוואונדערט. נאָכדעם זאגט זי צארנ־דיג): — אזוי גאר? איהר האָט מורא? פאר וואס ברענגען ניט אלע לאָמפּען? איהר האָט מורא? אָ, טרוסען! איך שעם מיך צו זיין דא מיט אייך! טאנצט זשע כאָטש! (זי טופּעט מיט'ן פוס.)

שטילע, בייזע, צבועק'ישע שטימען:

— זי איז משוגע.

— איצט — טאנצען!

— לאָ'מיר פון איהר אוועקגעהן.

— זי איז משוגע. מען דארף זי ארייננזעצען אין דול־הויז.



— לאָ'מיר אוועקגעהן.

— לאָ'מיר אוועקגעהן. מיט איהר איז געפעהרליך. זי שרייט גאר.

— מען קען נאָך דערהערען. לאָ'מיר אוועקגעהן! — לאָ'מיר אוועקגעהן!

דאָס מיידעל אין שווארצע קליידער:

ניט אין דער פינסטער, נאר אין העלען ליכט פון אונזער לע־בען דארפען מיר זיי בעגעגענען פּנים אל פּנים. איהר הערט, טרו־סען. מיר דארפען זיי בעגעגענען טאַנצענדיג — טאַנצענדיג — טאַנצענדיג! זאָל זיין א שעהנקייט אין אונזער טויט! איהר הערט!

אלע האָבען זיך אויסגעקירעוועט צו איהר מיט די פּלייצעס און רוקען זיך אָב — פּאַוואָליע, אויף די שפּיץ פינגער, מיט איינ־געבויגענע רוקענס. מען זעהט נאר רוקענס: איינגעהויקערטע, שרעקעדיגע, צבועק'ישע. און מען שעפּטשעט שטיל, דערשראקען, מיט א בייזער שמחה:

— זי איז משוגע.

— לאָ'מיר אוועקגעהן פון איהר.

— לאָ'מיר אוועקגעהן!

— שטילער! שטילער!

— לאָ'מיר זי אבנארען! לא'מיר אוועק שטילערהייט!

— שטילער! שטילער!

— אבנארען!

— שטילער!

דאס מיידעל אין שווארצע קליידער:

— אָ, טרוסען! גאָט מיינער, וואס איז דאס אזוינס! טאנצט זשע, זאג איך אייך, טאנצט! (זי וויינט פאר כעס, טופּענ־דיג מיט די פּיס.)

— שטילער! שטילער! לאָ'מיר אוועקגעהן! שטילער!

— ווילט איהר ניט! טאָ זעהט, איך וועל טאנצען אליין.

זי וויל זיך אנהויבען דרעהען. צו איהר געהט צו א יונגער מאַן, וועלכער איז ביז אהער געשטאַנען שטיל נעבען א זייל, און זאָגט צו איהר מיט גרויס העפליכקייט:

— איך האָב די עהרע אייך איינצולאַדען.

אַהן מוזיק דרעהען זיי זיך א שטיקעל צייט איבער'ן לעדיגען רוים אינמיטען זאַל. יענע שטעהען איינגעבויגען הינטער זייערע פּלייצעס, קוקען אויף זיי איבער די אַקסלען און שעפּטשען אזוי, אז עס שיפּעט איבער'ן גאַנצען זאַל:

— משוגע'נע! משוגע'נע! משוגע'נע! משוגע'נע!

ד ע ר  י ו נ ג ע ר  מ א ן (שטעלט זיך אָב): — לאָ'מיר אוועקגעהן פון דאַנען. דאָ איז פאַר אונז ניט קיין פּלאַץ.

ער פיהרט דורך דאָס מ י י ד ע ל צווישען די רייהען ג ע ס ט, וועלכע טרעטען זיי אָב דעם וועג. ווי נאָר זיי פערשווינדען, טהוען זיך אלע, לאַכענדיג, א שאָט אויפ'ן מיטען זאַל. זיעגעס־פרעהלי־כע שטימען:

— זי איז אוועק!
— חאַ־חאַ־חאַ! אוועק.
— מיר האָבען זיי אָבגענאַרט!
— ס'אַרא טאַנץ זיי האָבען געטאַנצט!
— חאַ־חאַ!

### א בייזע שטים:

זי דאַרף מען אריינזעצען אין דול־הויז. מיט איהר געשריי קען זי נאָך צונויפרופען אהער די גאַנצע שטאָדט.

— בינדען!
— פערשטאָפּען איהר דאָס מויל.
— נאָך א מינוט — וואָלט איך זי אנגעכאַפּט פאַר'ן גאָרגעל.
— טאַנצען גאָר? מיר זענען אין געפאַהר — אָט דאָס איז דער עיקר.



— מען דאַרף גאָט בעטען.
— לאָזט צורוה. גאָט ווייס בעסער פאַר אייך, וואָס דאָ טהוט זיך. מיר דאַרפען בעטען דעם טייוועל!.. דעם טייוועל!..
— וואָס רעדען זיי?— דאָס איז א חלול־השם! גאָט איז אונזער בעשיצער!
— איך וויל ניט שטאַרבען. איך וויל לעבען — לעבען! ווער וועט מיר שענקען דאָס לעבען, צי גאָט צי דער טייוועל, איז מיר אַלץ איינס.
— ער איז פון זינען!
— ניין, ער איז גערעכט! מיר דאַרפען בעטען דעם טייוועל!

א געפּילדער. עס לויפט אריין א משרת און זאָגט דעם בעל־הבית פון דעם הויז:

— מען געהט אהער! שוין נאָהענט!
— וואָס?
— מען געהט אהער!

ד ע ר  ב ע ל ־ ה ב י ת, הויך, קוים כאַפּענדיג דעם אָטעם:

מיינע העררען, אַכטונג. זיי געהען אהער. פערלעשט די לאָמ־פּען. פערלעשט די לאָמפּען. גיכער! ס'איז נאָך דאָ א האָפנונג, אז זיי וועלען אונז ניט בעמערקען, אין דער פינסטער. לעשט די לאָמפּען!

א בהלה, אָבער שטיל, אָהן קולות. אין שרעקליכער אימה, שווייגענדיג, דרעהט מען זיך אהין און אהער און ווי בלינדע שטויסט מען זיך אָן איינער אָן צווייטען. מען לעשט די לאָמפּען. פון אומעטום, פון אלע טירען קומען אריין נייע פיגורען, אַלץ אזוי־נע צושראָקענע, צומישטע. עס קומען אויך אריין ד י  ק י נ ס ט ־ ל ע ר. דאָס לעצטע לעמפּעל איז אויסגעלאָשען, ס'איז געוואָ־רען פינסטער־חשך, און אין דער פינסטערניש טרעטען ארויס העל און שרעקענדיג די רויט־בעלויכטענע פענסטער. דורך דעם מיטעל־סטען גרויסען פענסטער מיט די שפּיעגעל־שויבען זעהט זיך איצט דער שוואַרצער אומרים פונ'ם אַלטען קירך־טהורעם און הינטער

איהם רויטע קנוילען רויך און אפילו, דאכט זיך, פייער־צונגען. פון דאָרטען הערט זיך אָהן אנ'אויפהער א קלינגעריי. דער הייזעריגער טרומייט פונ'ם ט ו י ט איז אויך גאָר נאָהענט. אין דער פינסטער הערען זיך לאנגזאמע, וויינענדיגע שטימען:

— עס קומט דער טויט.

— זיי געהען, מען הערט שוין זייערע אכזריות'דיגע טריט.

א סוף צו די בילדער! א סוף צו ווּעלאסקעז, מוריליאָ, רזשיאָרדזשאָנע!

— א סוף צו אונז! צו אונז! צו אונז!

— עס קומט דער טויט!

— האָט רחמנות, הונגעריגע.

— זייט אונז מוחל, הונגעריגע. מיר'ן טהאָן, וואָס איהר ווילט.

— א סוף צו וועלאָסקעז!

— גאָט, האָב רחמנות אויף אונז!

— ער הערט ניט! ער האָט אונז פערלאָזען.

— ער איז קיינמאָל מיט אונז ניט געווען. בעט דעם טייוועל!

— טייוועל! טייוועל!

— גאָט! גאָט!

— קום, טייוועל, בעוויז דיך!

— בעשיץ אונז, טייוועל!

— גאָט! גאָט!

— טייוועל! טייוועל!

— עס קומט דער טויט!

מען קרעכצט. פלוצלונג לאָזט זיך הערען פון דער פינסטער, דאָרט וואו די טרעפ איז, א דינע, אָבער רוהיגע, זיבערע, הויכע שטים:

— וואָס איז דאָ אזוינס? פאר וואָס איז ביי אייך פינסטער? דער שטראָם האָט זיך אפשר איבערגעריסען?



שטימען, פרעהליכע און הערשראָקענע:

— דער טייוועל! דער טייוועל!

ביי דער טהיר צינדען זיך אָן עטליכע לעמפלעך און בעלויכטען די קליינע פיגורקעלע פונ'ם א י נ ז ש ע נ ע ר. ער איז א נידעריג מענשעלע, מיט א פליך, אָנגעטהאָן שמוציג, אָבער האלטען האלט ער זיך גאוה'דיג־זיכער. ער איז ניט קיין שעהנער נאָר זיין קיילעכדינגער שטערען איז שעהן. ער רעדט עפעס מיט א שמייכעל צום לאקיי — ער איז דעמאָקראַטיש, און הלכות־דרך־ארץ שפיעלען ביי איהם א קליינע ראָלע — יענער ענטפערט איהם מיט כבוד און ווייזט אויף עפעס מיט די הענד.

ד ע ר א י נ ז ש ע נ ע ר.

אהא, איך פערשטעה! ניש'קשה, ניטאָ זיך וואָס צו שרעקען, מיינע הערען. איהר מעגט אָנצינדען די לאָמפען. צינד נאָר אָן, זיי מוחל, אליין זענען זיי איצט לא־עליכם'דיג...

ער נעהמט ארויס א שמוציג נאָז־טיכעל און שנייצט זיך הילכיג די נאָז. אן אלגעמיינע פרייד, געשרייען: „דער אינזשענער! דער אינזשענער!“ מען צינדט אָן אלע לאָמפען. דער בעל־הבית פון דעם הויז אומארמט ד ע ם א י נ ז ש ע נ ע ר.

— נייעסען, מיין ליעבער, נייעסען!

— מיינע הערן, נייעסען! דער אינזשענער האָט געבראכט נייעסען!

— זאָל ער רעדען!

— הערט, הערט!

דער אינזשענער:

ניט אזוי וויכטיג, מיינע הערן. איך מוז אייך זאָגען...

ער נעהמט ארויס דאָס נאָז־טיכעל און הויבט אָן הילכיג צו שנייצען די נאָז. אויפגעבראכטע, אונצופריעדענע שטימען:

— וואָס איז דאָס?

— דאָ וואַרט מען, און ער...
— אַ שנייצעניש אויף איהם...

### דער אינזשענער:

איהר מעגט זיין זיכער, אז ווען איך וואָלט אליין געבויעט מיין נאָז, וואָלט מען קיין טיכעל גראָד ניט געדאַרפט. אָבער וואָס טהוט מען, דער קאַטער...

— נייעסען! נייעסען!

— קיין בעזונדערע נייעס איז ניטאָ. דער אויפשטאַנד האָט נאָך ניט אויפגעהערט. עפּים האָבען זיי דאָרטען ווידער אונטער־געצונדען, איך ווייס ניט, דאַכט זיך, די נאַציאָנאַל־גאַלעריע. אַזוי־נע אידיאָטען! איבעריגענס קען זיין, אז די גאַלעריע האָבען אונ־טערגעצונדען אונזערע גראַנאַטען.

— איז דאָס טאַקי אמת! ווייטער! דעם תוך!

— איך קען נאָך מודיע זיין, אז דער אויפשטאַנד פערכאַפּט, דאַכט זיך, אייניגע נייע ראַיאָנען. נאָר מיר, אינזשענערען, האָבען אָנגעווענדט מיטלען...

— אויף וועמעס צד איז דער קעניג הונגער? איהר האָט אפשר געזעהען?

— איך ווייס ניט, דאָס האָט מיך ניט אינטערעסירט. זאָג איך, הייסט עס, אז מיר האָבען אָנגעווענדט אייניגע מיטלען... איך בין אָבער אין ספק צי איז דאָ פאַראַן אַזוינע, וואָס פערשטעהען גוט מאַטעמאַטיק.

— רעדט אָהן מאַטעמאַטיק.

— נו־נו. האָבען מיר, הייסט עס, איך און מיינע חברים, געמאַכט עטליכע גראַנאַטען, וועלכע האָבען גאָר אַ בעזונדערע, ווי זאָגט מען דאָס, אויסערגעוועהנליכע צערשטערונגס־קראַפט; די גרויס פון דער קראַפט קען איך אייך, מיינע דאַמען, ניט פאַרשטע־לען קלאָר. לאָ'מיר זאָגען, אָט איז אַ פּלאַץ, אַ געוועהנליכער שטאָדט־פּלאַץ פול מיט מענשען, און אָט איז איינע־צוויי גראַנאַ־טען, איז גענוג...



### שטימען:

— אָהאָ!
— גוט! אַזוי, אַזוי. — אויף פּיץ־פּיצלעך!
— ס'אַרא שרעק!
— לאָזט צורוה. איך האָב אָבער געזאָגט, מען דאַרף בעטען דעם טייוועל. בראַוואָ!
— בראַוואָ! בראַוואָ!

אַפּלאָדיסמענטען. ד ע ר  א י נ ז ש ע נ ע ר פערנויגט זיך און נעהמט ווידער ארויס דאָס טיכעל.

— האָט קיין פאַראיבעל ניט, איך בעט אייך, איך האָב אַזא שווערען קאַטער...

— ניש'קשה, ניש'קשה, וואָס מאַכט דאָס אויס!
— שוין זשע האָט ער ניט קיין ריין טיכעל.
— אַי, לאָזט, ער איז אַזא וואָוילער מענש.
— ווייטער, אויף דעם זונען־באַרג האָבען מיר אוועקגעשטעלט עטליכע ריעזיגע האַרמאַטען. אויב דער אויפשטאַנד וועט נאָך ווייטער דויערען, וועלען מיר פערוואַרפען די שטאָדט.
— ווי איז דאָס מעגליך? און מיר!
— עס וועלען אומקומען אונשולדיגע.
— ווי איז דאָס מעגליך!
— געוויס, מיינע הערען, אַ שטיקעל סכנה פאַר אייך איז דאָ פאַראַן. אָבער איצט אָ, ווען עס אַרבייטען מיינע חברים...
— בראַוואָ!
— מען קען אַזוי גענוי אָנצילעווען די האַרמאַטען...
— בראַוואָ! בראַוואָ!

אַפּלאָדיסמענטען. ד ע ר  א י נ ז ש ע נ ע ר פערנויגט זיך מיט אַ זייט און רופט צו זיך צו מיט אַ וואונק דעם לאָקיי.

— אפשר קענסטו מיר ברייגנען אַ גלעזעל קאָניאַק?

דער בעל־הבית מיט אַ דונערנדער שטים:
קאָניאַק פאַר'ן הערר אינזשענער!

— ס'איז קעלט, פערשטעהט איהר מיך. צום שלום, מיינע העררן, נאך א קליינע נייעס, וואס וועט אייך הנאה טהאן. צוויי־שען די הונגעריגע גופא האבען מיר פאר א בערך גאר בילינגען פרייז געפונען איינינע קלוגע און פלינקע חברה, וועלכע מיר האבען גע־געבען צו פערשטעהען, וואס זיי האבען צו טהאן. דער פועל־יוצא איז, אז אט די אידיאטען האבען איצטער אנגעהויבען אויסקוילען איינער דעם אנדערען גאר אויפ'ן שענסטען אופן.

א געלעכטער.

— אט אזוי! אט אזוי!
— וואס דען — זיי פערשטעהען עפּיס? אידיאטען! — בהמות! — נאראנים!
— גוט! גוט! בראווא!

ד ע ר  ג ל ח  שאקעלט שעמעווריג דעם קאפּ אויף „ניין.“ ד ע ר  א י נ ז ש ע נ ע ר  נעהמט דאס געבראכטע גלעזעל קא־ניאק, פערנויגט זיך און טרינקט.

לחיים, געעהרטע דאמען!

זעהר א שעהנע דאמע, דעם  ב ע ל ־ ה ב י ת ' ס  ווייב, זאגט הויך:

— הערר אינזשענער! איהר זענט ניט שעהן, איהר האט א שמוציג נאז־טיכעל, איהר זענט וואולגאר און פערשטעהט ניט, ווי מען דארף זיך האלטען אין א לייטישער געזעלשאפט, נאר איהר האט אונז גערעטעט, און דעריבער שטעל איך זיך פאר אייך אויף די קניע.

זי שטעלט זיך אויף די קניע. די איבעריגע דאמען שרייען:
— איך אויך! איך אויך! איך אויך!

די דאמע רעדט ווייטער:
פון אייך שמעקט עפּיס זעהר ניט גוט, נאר אויב איהר וועט וועלען, וועל איך זיין אייערע.



— איך אויך! איך אויך!
— און מיין מאן וועט דאס ערלויבען, ווייל ער ווייסט, און מיר אלע ווייסען, אז איהר זענט אונזער גואל. איך וועל אייך א קוש טהאן די האנד.

זי ציהט זיך אויף די קניע צו זיין האנד. די איבעריגע דא־מען אויך.

דער אינזשענער, וואולגאר:
נארישקייטען, נארישקייטען, מיינע דאמען. שפּעטער וועל איך אפשר אמאל אויסניצען אייער פריינדליכען פארשלאג, דער־ווייל אבער... בין איך זעהר מיעד און איך וואלט א בעלן געווען מיר וואשען די הענד.

ער געהט אוועק. א מחנה דאמען און מיידלעך בעגלייטען איהם. שטימען:
— טאנצען.
— אנגאזשירט די דאמען!
— ווי ליכטיג!

די מוזיק שפּיעלט. איינינע טאנצען. דער גלאק קלינגט שוין עפּיס ניט אזוי אפט, נאר ד ע ם  ט ו י ט ' ס  טרומייט הערט זיך א שטיק צייט גאר אהן אנ'אויפהער. אט האט ער שוין פער־הילכט דעם גלאק, אט האט ער פערהילכט און איבערגעשריען די מוזיק — אט האט ער שוין אנגעפילט דעם זאל, א הייעזריגער, א זיעגעס־פרעהליכער, א ווילדער. אלע הערען זיך איין מיט אויס־געשטרעקטע העלזער. מען רעדט שטיל, שיער־ניט שעפּטשענדיג:

— דער טויט!
— ווי ער קאסעט דאס אביסעל!
— שרעקליך!
— איהר הערט?
— מען פיהלט, ווי עס פאלען הונדערטער מענשען.
— טויזענדער!

++++++++++++++++++++++++++++++++++++++++++

— ער איז ווילד־צערייצט.

— דער טויט! דער טויט!

פלוצלונג קומט אָן א טויטע שטילקייט, אזוי אומגעריכט, מיט אמאָל, אז זי גיעט אזש ווי א קלאַפּ איבער די קעפּ. עס ווערט אנשוויעגען דער גלאָק. עס טהוט נאָך א קרעכץ דער טרומייט און ווערט שטיל. א פערגליווערטע שטילקייט. העל ברענען די עלקטרישע לאָמפּען. אלע זענען פערשטארט געוואָרען אויף זייערע ערטער און קוקען זיך פערוואונדערט, אויפגערעגט ארום.

עמיצער געהט אויף די טרעפּ. שווערע, לאנגזאמע טריט.

— וואָס איז דאָס?

עס געהט אריין ד ע ר ק ע נ י ג ה ו נ ג ע ר. ער איז פערבלוטיגט און זיין פערמאטערטער פּנים איז טויט־בלייך. אויפ׳ן קאָפּ א שפּיציגע רויטע קרוין; אויף די שפּיצען איז עפּיס רויטס, בלוטיגס, ווי שטיקלעך מענשען־פלייש. ניט קוקענדיג אויף קיינעם געהט ער ביז אין מיטען זאל און בלייבט שטעהען אין דער פּאָזע פון שווערען קומער און טיעפען יאוש.

מען שעפּטשעט:

— וואָס איז דאָס? וואָס איז איהם?

ד ע ר ק ע נ י ג ה ו נ ג ע ר הויבט אויף דעם קאָפּ; זיינע אויגען זעהען גאָר ניט, אקוראט ווי זיי זענען געוואָרען בלינד; ער זאָגט שטיל:

— אוים. זיי אלע — ליעגען אונטען. און וועלען שוין קיינמאָל ניט אויפשטעהן. און איך בין ווירער — אי־ער — משרת.

די מוזיק שפּיעלט א פייערליכען זיעגעס־מארש.

דער פאָרהאנג פאלט.



# דאָס פינפטע בילד.

## די מפּלה פון די הונגעריגע און דער שרעק פון די זיעגער.

די זון געהט אונטער, רויט ווי בלוט. דער גאנצער הימעל פון אויבען ביז אראָב איז איין גרויסער תהום פון שטילען, שוויי־גענדיגען רויטען פייער — אקוראט ווי פערפלייצט מיט גערדיכטען, טונקעל געוואָרענעם בלוט. און די ערד, מיט אלצדינג וואָס געפינט זיך אויף איהר, זעהט אוים כמעט שווארץ.

א וויסטע, אונפּרוכטבארע געגענד: ניט קיין בוים, ניט קיין קוסט, ניט קיין איינציגע הויכע פיגור. אלצדינג פלאך — נאָר אינמיטען, נעהנטער צום לינקען ראנד, שטעהט א הויך בערגעל, פול גריבער, און פון אויבען א לאנגער אלטער הארמאט מיט הויכע רעדער. אָנגעלעהנט אויפ׳ן הארמאט שטעהט ד ע ר ק ע נ י ג ה ו נ ג ע ר, הויך, אונבעוועגליך, דאָס פּנים אויסגעקירעוועט אהין, וואוהין עס איז אָפען דאָס מויל פונ׳ם הארמאט.

פאר׳ן הארמאט ליעגען די קערפּער פון די גע׳הרג׳טע, האלב פערשוואומען אין דער טונקעלהייט פון דער נאָהענטער נאכט. און איבער׳ן טויטען פעלד זעהט זיך אונדייטליך די שארפע פיגור פון ד ע ם ט ו י ט. ער שטעהט אָהן בעוועגונג — ווי אויף דער וואך.

הינטער דעם הארמאט, אביסעל ווייטער, זעהט מען ד י ז י ע ג ע ר — די אייגענע, וואָס זענען געוועזן צ ו ש ו י ע ר אין געריכט און וואָס האָבען אין דער נאכט פונ׳ם גרויסען אויפשטאנד זיך געפונען אינ׳ם רייכען זאל. זיי געהען פארביי, שטיל, פערוויי-

קעלט אין שאָטענס. איינגע שטעהען גרופּענווייז, צוגעדריקט איינער צום צווייטען; זייערע פיגורען זעהען זיך דייטליך אַנט־קעגען דעם רויטען הימעל.

זיי ריידען שטיל, איינגעהאַלטען, ווייל ניט ווילענדיג האָבען זיי אָבשיי פאר ד ע ם ט ו י ט. אויף אַלצדינג ווארפט דער פּורפּור־גליהענדער הימעל זיין אָבשיין.

דער שמועס פון די זיעגער.

— ס׳אַרא פינסטערקייט!

— און דער זון־אונטערגאַנג איז אזוי שעהן. פונקט א ים פייער אָדער בלוט.

— מאָרגען וועט זיין א ווינד.

— פאָרזיכטיג, הויבט אויף דאָס קלייד, דאָס איז בלוט.

— אזוי, איך דאנק אייך.

זיי מיידען אויס דעם טונקעלען פלעק, אונטערהויבענדיג די קליידלעך.

— און ווי שטיל דאָ איז!

— יאָ — קיין שאָרך.

— אזוי איז שטענדיג דאָרט, וואו ס׳איז דאָ א סך טויטע.

— וויפיעל ליעגט דאָרט?

— פיעל. זעהר פיעל.

— יאָ. פאר היינטיגס מאָל גענוג. אויב דאָס וועט זיי אויך ניט אָנלערנען...

— און ווי רוהיג זיי זענען!

— ווי שטיל!

— ווי קינדער אין וויעגעלע.

— און ווי האָבען זיי געשריענען! איהר געדענקט די שרעק־ליכע געשרייען, דאָס וואָיען?

— און געפאָדערט מיט אזא געפילדער!

א שטיל געלעכטער. ניט הויך, אָבער פעסט קלינגט די שטים פון דעם מיידעל אין די שווארצע קליידער:



— לאַכט ניט פון געפאַלענע.

— זי איז וויעדער דאָ.

— דאָס מיידעל אין שווארצען.

— ס׳איז פון איהר ניט צו דערליידען.

— וואָס וויל זי האָבען?

— זיי זענען מוטהיג געשטאָרבען.

— וויעדער זי.

— מען דארף זי אריינזעצען אין דול־הויז.

— ניט כדאי. מען דארף ניט זיין קיין נוקם ונוטר. איצט קען זי ניט שאַדען.

— זאָל זי רעדען.

— זאָלען זי הערען די טויטע. זיי איז אזוי אנגענעהם דאָס צו הערען.

א שטיל האסטיג געלעכטער.

— זיי זענען מוטהיג געשטאָרבען.

מען שווייגט. טונקעלע פיגורען געהען שטיל פארביי.

— פאָרזיכטיג! דאָ איז בלוט.

מען שווייגט.

— איהר האָט זיי געזעהען פון דער נאָהענט?

— יאָ. היינט אינדערפריה זענען מיר געוועזן דאָ מיט דעם אינזשענער. ער איז זעהר צופריעדען מיט דער ווירקונג פון זיי־נע גראַנאַטען.

— ווי שטיל.

— פאָרזיכטיג. דאָ איז וויעדער בלוט.

— יא, איך זעה. ווען וועט מען דאָס שוין אָבריינינגען.

— יא, כדאי וואָס גיכער. ס׳איז געפעהרליך צו לאָזען ליע־גען אזוי פיעל מתים.

— וואָס איז, זיי וועלען דען אויפשטעהן?

✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠

א שטילער געלעכטער און וויעדער דעם מיידעלס'ם קול:

— לאכט ניט פון געפאלענע!

מען שוויגט.

— זי וועט באלד הייזעריג ווערען, רעדענדיג די אייגענע ווערטער. מחשבות'ן, איהר זענט היינט געוועזן אויפ'ן טויטען פעלד ווען מען האט געזונגען די פייערליכע געזאנגען צום הארמאט?

— יא, איך בין געוועזן מיט דער מאמען. ס'איז געוועזן אזוי פייערליך. מיר האבען אלע געוויינט. ווער האט אויסגעטראכט די ווערטער פון דער תפלה, אפשר ווייסט איהר? זיי זענען אזוי שעהן.

— מען זאגט, אז דער גלח.

— דאס איז ניט אמת. דאס פאלק אליין האט זיי אויסגע־טראכט אין זייער גרויסער פרייד.

— ס'איז געוועזן אזוי ריהרענד, ווען די מאמעס האבען צוגע־טראגען זייערע קליינע קינדער צום הארמאט און געהייסען איהם קושען. צארטע קינדערשע הענדטעלעך נעהמען פערטרויליך ארום דאס דאזיגע קופערנע בעשעפעניש — ס'איז דאך אזוי ריהרענד!

— ווי שעהן. איך בין א מאנסביל — פונדעסטוועגען האב איך אויך געוויינט.

— אלע האבען געוויינט.

— מען האט געמאכט מיט די טיכלעך. געשריען.

— עס האבען די פאהנען געפלאטערט!

— און די זון איז ארויסגעגאנגען פון הינטער די וואלקענס און אונז בעלויכטען.

— נאר אונז.

— יא — די זענען די גאנצע צייט געלעגען אין שאטען. די זון האט ניט געוואלט אויף זיי א קוק טהאן.

— און מיר טהוט באנג, וואס מען וועט דאס אלעס באלד אבראמען. דער דאזיגער פלאץ וואלט אזוי געפאסט צו שפאציע־רען אויף איהם אין אווענד. דא איז אזוי שטיל.



✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠✠

— פארזיכטיג, בלוט!

— ניש'קשה, עס ווערט שוין פערטרוקענט. און אין שטאדט איז איצט ניט אויסצוהאלטען, אזוי הילכט דארטען און גרילצט דאס אייזען.

— יא, אומעטום שמיערט מען קייטען. צום בעדויערען, מוז מען דאס.

— קען מען דען נישט טהאן דאס אייגענע שטילער! מען ווערט פשוט טויב פון די האמערס. דאס קלאפען צורודערט די נערוועך. די גאנצע נאכט האט זיך מיר גע'חלום'ט א אונענדליכע אייזערנע קייט, וועלכע נעהמט ארום די גאנצע ערד. מען מוז אב־פאהרען אויף א שטיקעל צייט.

— אמת, דא איז אזוי שטיל!

מען שוויגט.

— איהר גלויבט דעם קעניג הונגער?

— יא. ער האט עהרליך ערפילט זיין חוב.

— ער איז אבער צו טרויעריג. שוין די צווייטע נאכט שטעהט ער דא און רעדט ניט קיין ווארט. ס'איז גלאט ניט קיין דרך־ארץ.

— איך האב געהערט, ער גרייט זיך צו א רעדע.

— אזוי? דאס וואלט געווען זעהר גוט. איהר געדענקט זיין רעדע אין געריכט?

— ער איז צו טרויעריג.

— און איהר ווילט געהן מארגען אויף דעם פראפעסאר'ס לעקציע?

— וואס, ער לייענט דען?

— יא. וועגען קולטור.

— מען האט דאך געזאגט, אז ער איז שווער קראנק, אז ער האלט ביים שטארבען.

— שטעלט אייך פאר, געזונד געווארען. אזא אלטער: עס נעהמט איהם קיין קויל ניט. מיר אלע זענען צו איהם געפאהרען

יעדען טאָג און ער האָט אונז געקושט די הענד און געזאָגט: „מיינע ליבע דערבאַרעמדיגע שוועסטער“.

— שטילער! דאכט זיך, דער קעניג הונגער וויל רעדען.

— דאָס איז אינטערעסאַנט.

— הערט אויף ארומגעהן.

— ער האָט אויפגעהויבען די האנד.

— שטילער! שטילער!

דער קעניג הונגער פערלאָזט זיין אונבעוועגליכע פּאָזע. ער שטרעקט אוים די האנד צו די טויטע און רעדט שטיל און איינגעהאלטען:

— וואָס האָט איהר אויסגעפיהרט, דולע? — וואוהין זענט איהר געגאנגען? — אויף וואָס האָט איהר געהאָפט? מיט וואָס האָט איהר גערעכענט צו שטרייטען? מיר האָבען הארמאטען, מיר האָבען פערשטאנד, מיר האָבען כח — וואָס האָט איהר, אומגליקליכע נבלות? אָט ליעגט איהר אויף דער ערד און קוקט אין הימעל אריין מיט אייערע טויטע אויגען — דער הימעל וועט אייך ניט ענטפערען גאָר ניט. היינט ביינאכט וועט אייך איינשלינגען די שווארצע ערד, און אויף דעם אָרט, וואו איהר וועט זיין בעגראָבען, וועט אויסוואקסען פעט גראָז; און מיר וועלען דערמיט האָדעווען אונזערע בהמות. אָט דאָס האָט איהר, דולע, געוואָלט?

לעבעדיגע שטימען:

— וואוהין זענט איהר געגאנגען?

— וואָס האָט איהר אויסגעפיהרט?

— באלד וועט אייך איינשלינגען די שווארצע ערד. עס געהען שוין די בעגרעבער.

— מען טראָגט שוין די רידלען. געהט אין דער ערד, משוגעים!

— וועה צו די בעזיעגטע!

— וועה צו די בעזיעגטע!



עס בעוויזט זיך א שוויינענדיגע גרופּע בעגרעבער מיט רידלען אויף די אקסלען. אָהן גערויש שטעלען זיי זיך אָב ביי'ם עק פונ'ם טויטען־פעלד. דער קעניג הונגער רעדט ווייטער:

— צו וואָס זענט איהר געשטאָרבען, צו וואָס? אָט טראָגט מען רידלען, מען געהט שוין צו נאָהענט — גיכער! קומט צו זיך, שטעהט אויף, הויבט זיך אָן ריהרען, זאָג איך אייך. איהר קענט ניט? שטיל געוואָרען? דער טויט האָט פערקאָוועט דאָס מויל? יא, דער טויט איז א גרויסער שמיעד, און ניט איהר וועט צורייסען זיינע קייטען! און אייך האָב איך דאָס אָנגערופען קינדער, איהר מיאוס'ע, אומגליקליכע נבלות.

ביין־קאלטע נצחון־שטימען:

— וועה צו די בעזיעגטע!

— זוהן מיינער, זוהן מיינער! דו האָסט געשריען אזוי הויך, וואָס זשע שווייגסטו אצינד? טאָכטער מיינע, טאָכטער מיינע, דו האָסט געהאסט אזוי טיעף און אזוי שטארק, דו ביזט געווען די אומגליכליכסטע אויף דער וועלט — שטעה זשע אויף. הויבט זיך אויף פון דעם שטויב! צעררייסט די קייטען פון טויט, זיי האָבען דאָך ניט קיין ממשות! שטעהט אויף! איך בעשווער אייך מיט'ן נאָמען פונ'ם לעבען! — איהר שווייגט? טאָ זייט זשע...

פּלוצלונג הויבט זיך אָן אויף דעם טויטען־פעלד עפּים א אונבעשטימטע בעוועגונג; עס הערט זיך א שאָרך, עס קנאקען די אירערגעבראָכענע ביינער, שארפע טויטע נעגעל קראצען און דראַפּען די ערד — דערשראָקען, מיט אויסגעצויגענע העלזער, הערען זיך איין די זיעגער. דומפּ און ווייט, ווי פון אונטער דער ערד, הערט זיך דאָס ברומען פון טויזענטער שטימען:

— מיר'ן נאָך קומען. מיר'ן נאָך קומען. וועה צו די זיעגער!

דער קעניג הונגער.

— וואָס הער איך?

אַ טויט ברומען פון ווייטען:

— מיר'ן נאָך קומען!

— מיר'ן נאָך קומען!

— וועה צו די זיעגער!

זיי ווערען אנשווינגען. און ווידער איז אויפ'ן טויטען־פעלד רוהיג און שטיל, און אונדייטליך זעהט זיך ארויס די אונבעוועגליכע פיגור פונ'ם ט ו י ט. א מינוט שטעהען אלע פערטראכט. פלוצלונג לויפט ד ע ר ק ע נ י ג ה ו נ ג ע ר מיט א הילכיגען געלעכטער אריבער אויף ד ע ר זייט און שרייט גרויזאם, מיט א ווילדער פרייד:

— חאַ־חאַ! איהר האָט געהערט! זיי וועלען נאָך קומען. זיי וועלען נאָך קומען. וועה צו די זיעגער!

ער לאכט. אויף יענע פאלט אָן א שרעק. מען לויפט. דערשראָקענע שטימען:

— גיכער! גיכער!

— טויטע ערוואכען!

— טויטע ערוואכען!

— זיי יאָגען אונז נאָך!

— גיכער!

— לויפט! לויפט! טויטע ערוואכען!

שטויסענדיג איינער דעם צווייטען, פאלענדיג, טרעטענדיג די אומגעפאלענע וויינענדע ווייבער מיט די פיס, אנטלויפען זיי מיט א ווילדען וואָיען. צו זיי ציהט זיך דער קעניג הונגער מיט זיין גאנצען מאָגערען לייב און שרייט זיי נאָך מיט א ווילדער, וואהנזיניגער פרייד:

— גיכער! גיכער! די טויטע ערוואכען!

דער פאָרהאנג פאלט.

ע נ ד ע.

## — מייזעל עט קאָ. —

**יודישער פערלאג פיר ליטעראטור און וויסענשאפט**

הערבערט ספענסער

# די ערציהונג

### גייסטיג, מאָראליש און קערפערליך.

איבערזעצט פון דר. מעריסאָן.

ארום 300 זייטען, מיט א פאלשטענדיגען אינדעקס, גרויסען פארמאַט, פראכטפול געדרוקט און ארויסגעגעבען, שוין און דויערהאַפט געבונדען אין סילק־קלאָטה.

---

**אויסצוג פון דעם איבערזעצער'ס פאָרוואָרט:**

ספענסער'ס „ערציהונג" איז ניט געמיינט צו זיין א „מעטאָדע" אין דעם ענגען זין פון וואָרט. עס איז ניט קיין האנד־בוך פאר לעהרער, נור אַ לעהרבוך פאר עלטערן און אינטעליגענטע מענשען בכלל. עס איז א נאַטור סיסטעם פון ערציהונג געבוים אויף דער וויסענשאפט פון ענטוויקלונג — אַ נאַטור־סיסטעם, וואָס ערציהט די עלטערן גופא ניט ווענינער ווי זייערע קינדער.

וואָס אנבעטרעפט דער איבערזעצונג, איז די ערשטע אויסרעכנונג אין איהר פלאַן — טריישאַפט צום אָריגינאַל. ספענסער'ס סטיל איז ווי א כלי פון עכטען קריסטאַל: קלאָר און שווערליך. די קלאָרהייט איז אבער אזא בריליאנטענע, אז זי איז מכפר אויף די קריסטאָלענע שווערקייט; און דעריבער איז דאָס ציעל געווען, בעוואהרען דעם אָריגינעלען סטיל ווי ווייט עס לאָזט זיך. פערטייטשען מיינט צו־אָפּט אויס'פּשט'לען און פערדארבען; עס איז אויך ניט אלע מאָל פריי פון א געוויסער בעלידיגונג פאר'ן לעזער: דאָ וועט דער לעזער געפינען ניט קיין פּאָפּולאריזאציע פון ספענסער'ס בוך, נור דאָס בוך אליין."



## — מייזעל עט קאָ. —

**יודישער פערלאג פיר ליטעראטור און וויסענשאפט**

### אויסצוגען פון דער קריטיק.

„דער וואָס איז בעקאַנט מיט דער ריכטונג פון „דאָס נייע לעבען", יענער וועט פערשטעהן די הארציגע פרייד וואָס מיר פיהלען, בעת מיר ווייזען אָן דעם לעזער אויף די ערשיינונג פון דר. מעריסאָנ'ס נייע איבערזעצונג . . . . . מעריסאָן וויל געבען דעם יודישען עולם בילדונג, אָבער אמת'ע און טיעפע, פערבונדען מיט דעם רעספעקט צו דעם, ועמען מען גיט זי . . . . . ספענסער האָט ארויגעטראגען אין די פּעדאגאָגיק זיין חלק צו דעם אויפבוי פון אָט דעם אידעאַל. עס איז צו האָפען, אז דער עולם וועט, אַ דאַנק דר. מעריסאָנ'ס איבערזעצונג, זיך אָנהויבען אינטערעסירען מיט דעם פּעדאגאָגישען פּראָבלעם". דר. ח. זשיטלאָווסקי.

„א גוטער, ערנסטער און בעלעהרענדער בוך איבער איינע פון די וויכטיגסטע לעבענס־פראגען איז דאָס ווערק ספענסער'ס „די ערציהונג". עס איז ניט קיין טרוקענער לעהר־בוך איבער פּעדאגאָגיק צום געברויכען פאר לעהרער. עס איז א בעלעהרענדעס און אויפקלערענדעס ווערק איבער די הויפּט פּרינציפּען און הויפּטפראגען, וואָס זיינען פערבונדען מיט דער גייסטיגער, פיזישער און מאָראלישער ערציהונג, גוט און פּאַסענד אלס לעזע־בוך און שטודיום־בוך פאר יעדען דענקענדען מענשען . . . . . אונזערע לעזער ווייסען, וואָס פאר א הויכע מיינונג מיר האָבען פאר דר. מעריסאָן אלס איבערזעצער. די נייע איבערזעצונג, וועלכע איז פערבונדען מיט אונגעהייערע שפּראכליכע שוועריגקייטען, קען אונזער הויכע מיינונג נור בעשטעטיגען". דר. ק. פאַרנבערג, „צוקונפט".

„איך ווייס ניט פון קיין איין ווערק אין יודיש, פון די אלע וויכטיגע ווערק וואָס זיינען ארויס אין די לעצטע צייט, וואָס זאָל זיין אזוי לחלוטין נויטיג פאר יעדען מענשען אָהן אויסנאַהם, ווי אָט דאָס ווערק וועגען ערציהונג — א ווערק פון איינעם פון די גרעסטע דענקער פון אונזער צייט איבער איינער פון די וויכטיגסטע פראגען פון לעבען.

די ערשיינונג פון אזא ערנסטעס, גרויסעס ווערק אין יודיש, און נאָך אזוי שעהן ארויסגעגעבען, מוז דארום בעגריסט ווערען מיט פרייד. הלואי וואָס מעהר אזעלכע ביכער אין יודיש! זייער נוצען איז ניט אָבצושאצען. עס איז א קוואל פון וויסען פאר עלטערן אליין ענטוויקעלטער צו ווערען און צו קענען מדריך זיין זייערע קינדער, פון זיי זאָלען ארויסקומען געזונדע און ניצליכע מענשען".
מ. קאַץ, „ווארהייט".

---

**פרייז מיט פּאָרטאָ $1.00**

**בוכהענדלער בעקומען א גוטען ראבאט.**

422 GRAND ST., N. Y.

— מ י י ז ע ל  ע ט  ק אָ. —

יודישער פערלאג פיר ליטעראטור און וויסענשאפט

העינריק איבסען

# געזאמעלטע דראמען

עס ווערען פערפערטיגט 6 שעהן געבונדענע בענדער, וועלכע וועלען ענטהאלטען פאָלגענדע בעריהמטע דראמען :

1. נאָרא, די ווילדע ענטע.
2. העדדאָ גאָבלער, בוימייסטער.
3. ראָזמערסהאָלם, די פרוי פון ים.
4. קליינער עאָלף, יאָהאָן גבריאל באָרקמאָן, ווען מיר טויטע ערוואָכען.
5. יוגענד־בונד, שטיצען דער געזעלשאפט.
6. דער פאָלקס פיינד, די גייסטער.

די אלע דראמען זיינען געטריי איבערזעצט לויט די לעצטע דייטשע און ענגלישע אויסגאבען, אונטער איין קאָמפּעטענטער רעדאקציאָן.

פרייז פער באנד, מיט פּאָרטאָ, 75 סענט.

---

פאָרלויפיג זיינען צו בעקומען די פאָלגענדע איינצעל דראמען בראָשירט :

נאָרא, איבערזעצט פון מ. ווינטשעווסקי . . . . . .20

העדדאָ גאָבלער, איבערזעצט פון א ים . . . . . .25

דער בוימייסטער, איבערזעצט פון א. גאָלדווין, מיט אן איינלייטונג פון ווינטשעווסקי . . . . . . .25

ראָזמערהאָלם, איבערזעצט פון א. גאָלדווין . . . . .25

דער קליינער עאָלף, איבערזעצט פון ק. טעפער . . . .20

422 GRAND ST., N. Y.

— מ י י ז ע ל  ע ט  ק אָ. —

יודישער פערלאג פיר ליטעראטור און וויסענשאפט

מאָררים ווינטשעווסקי

# ליעדער און געדיכטע

א פראכט־אויסגאבע פון דעם „זיידען'ס" בעריהמטע ארבייטער־און קאמפף־ליעדער (ווי אויך א היבשע צאָהל נייע, ביז איצט נאָך ניט געדרוקטע געדיכטע) אין איין גרויסען באנד פון 320 זייטען, איינגעטיילט אין צוויי טיילען.

ע ר ש ט ע ר  ט י י ל:

1. קליינע ליריקס.
2. לירישע געדיכטע.
3. קאמפף־ליעדער.
4. קינדער פון'ם פאָלק (לאָנדאָנער סילועטען).

צ ו ו י י ט ע ר  ט י י ל:

1. יוגענד־חלומות : ליעבע, לוסט און ליידענשאפט (בין השמשות געדאנקען).
2. אידישקייט, „געטליכקייט" און געלעגענהייטס געדיכטע.
3. עטוואָס הומאָר און סאטירע.

פרייז מיט פּאָרטאָ $1.00

פון דעם זעלבען פערפאסער :

## א טאָג מיט יעקב גאָרדין

א געפיהלפולעס שטימונגס־בילד פון יעקב גאָרדין'ס פערזענליכקייט, געשריעבען אין דעם „זיידען'ס" אייגענארטיגען סטיל.

פרייז, בראָשירט, 25 סענט.

422 GRAND ST., N. Y.

# מייזעל'ס פערלאג

## קאטאלאג

דר. חיים זשיטלאָווסקי: די פילאָסאָפיע, וואָס זי איז און ווי זי האָט זיך ענטוויקעלט. צוויי בענדער, שעהן געבונדען, מיט פּאָרטאָ — — — — — — — — — $2.50

העררבערט ספּענסער: די ערציהונג, איבערזעצט פון דר. מעריסאָן. געבונדען — — — — — — — — $1.00

דר. י. א. מעריסאָן: דער אנארכיזמוס און די פּאָליטישע טהעטיגקייט. בראָשירט .10

איבסען'ס דראַמען: נאָרא בראָשירט .20
העדדאָ גאבלער " .25
דער בוימייסטער " .25
ראָזמערסהאָלם " .25
דער קליינער עאָלף " .20

ב. ביערנסאָן: איבער אונזער קראַפט.ביידע טהיילען אין איין באַנד. בראָשירט — — — — .50
געבונדען — — — — — — — .75

א. סטרינדבערג: פריילין יוליא " .20

יעקב גאָרדין: קרייצער סאָנאטא " .25

מ. ווינטשעווסקי: א טאָג מיט י. גאָרדין " .25

אָליוו שריינער: טרוימען האַלב-געבונדען .25

ד. טהאָראָ: די פליכט פון אונגעהאָרזאמקייט. בראָשירט .15

איוואָן טורגענעוו: האמלעט און דאָן קיכאָט. " .12

פעליקס האָלענדער: די זוכער פון אמת, איבערזעצט פון ש. יאנאָווסקי, 587 זייטען. בראָשירט $1.00
געבונדען $1.25

מ. ווינטשעווסקי: ליעדער און געדיכטע 320 זייטען, שעהן געבונדען — — — — — — — — $1.00

צו קריגען ביי אַלע בעסערע בוכהענדלער און אין פערלאַג

MAISEL & CO., 422 Grand Street, New York.

---

— מייזעל עט קאָ. —

יודישער פערלאג פיר ליטעראטור און וויסענשאפט

פעליקס האלענדער: די זוכער פון אמת, איבערזעצט פון ש. יאנאָווסקי, א סאָציאַלער ראָמאן אין פיער ביכער, 587 זייטען, בראָשירט, 1.00; געבונדען . . . . . . . 1.25

יעקב גאָרדין: קרייצער סאנאטא, בראָשירט . . . . . . . . . .25

א. סטרינדבערג: פריילין יוליא, בראָשירט .20

דר. י. א. מעריסאָן: דער אנארכיזמוס און די פּאָליטישע טהעטיגקייט, בראָשירט . . . . . . . . . .10

ד. טהאָראָ: די פליכט פון אונגעהאָרזאמקייט, איבערזעצט און איינגעלייטעט פון דר. מעריסאָן, בראָשירט . . . . .10

איוואן טורגענעוו: האמלעט און דאָן קיכאָט, איבערזעצט און איינגעלייטעט פון מ. קאַץ, בראָשירט . . . . . . . . .12

אליוו שריינער: טרוימען, האלב געבונדען . . .30

אָסקאר ווײלד: די זעעלע פון מענשען אין דער סאָציאליסטישער געזעלשאפט, האלב געבונדען . . . . . .20

לעאָניד אנדרעיעוו: דאָס לעבען פונ'ם מענשען, איבערזעצט פון ווארשע און לאפין .25

די טעג פון אונזער לעבען, איבערזעצט פון מ. קאטץ. . . . . . . .25

422 GRAND ST., N. Y.

